


אכן, טוב למות בעד עמנו,
ולארצנו.

יוסף הגלילי (טרומפלדור)

# הרב יעקב מאַזע געשטאָרבען

## פירער פון רוסישען אידענטום שטאַרבט אין מאָסקווע צו 65 יאָהר. — איז געווען פּיאָנער פון ציוניסטישער באַוועגונג אין רוסלאַנד, האָט געשפּילט וויכטיגע ראָל אין ביילים פּראָצעס און איבערגעלאָזט מעמוארען פון גרויסער באַדייטונג.

מאָסקווא, דעצ. 20 (איטא). — הרב יעקב מאזע, מאָסקווער ראַבינער און איינער פון די אָנגעזעהענסטע פיהרער פון רוסישען אידענטום, איז נעכטען, נאָך האַלבע נאַכט, געשטאָרבען אין עלטער פון 65 יאָהר.

הרב מאָזע איז געבוירען געוואָרען אין יאָהר 1860, אין מאָהליווער גובערניע, און האָט געענדיגט דעם יורידישען פאַקולטעט פון דער מאָסקווער אוניווערזיטעט אין 1886.

ער האָט אָנגעהויבען זיין עפענטליכע טעטיגקייט מיט'ן פאַרעפענטליכען אַרטיקלען אין דער דעמאָלסטיגער העברעאישער טעגליכער צייטונג אין רוסלאַנד „המליץ". ער איז געווען איינער פון די ערשטע ציוניסטישע פּיאָנערען אין מאָסקווע און איז געווען איינער פון די גרינדער פון דער געזעלשאַפט „חובבי שפת עבר." אין יאָהר 1893 איז ער געוואָרען מאָסקווער ראַבינער, א פּאָסטען אויף וועלכען ער איז געבליבען ביז זיין לעצטען אטעם־צוג.

א חוץ זיין רב'נישער און געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט, איז הרב מאזע געווען זעהר פּראָמינענט אין רוסישען פּאָליטישען לעבען און נאָך דער רעוואָלוציע, אין יאָהר 1917, איז ער ערוועהלט געוואָרען אלס דעלעגאַט צו דער רוסישער קאָנסטיטואַנטע.

כאָטש ער איז געווען באַקאַנט אלס אייפערדיגער ציוניסט און איבערגעגעבענער טוער פאַר אידישע אידעאַלען, האָט ער געהאַט דעם רעספּעקט פון אַלע פּאַרטייען, אפילו פון די קאָמוניסטען. מיט א קורצער צייט צוריק איז הרב מאזע ערנסט קראַנק געוואָרען און האָט פאַרלוירען זיין ראיה. באַגרייפענדיג אז זיינע טעג זיינען געצעהלטע, האָט ער בליטרערהייד אָנגעהויבען צו שרייבען זיינע מעמואַרען, וועלכע ענטהאַלטען וויכטיגע דאָקומענטען, וועלכע וואַרפען ליכט אויף דער געשיכטע און ליידען פון רוסישען אידענטום אין פאַרלויף פון די לעצטע 50 יאָהר.

הרב מאזע איז געווען א גרויסער למדן און וויסענשאַפטסמאַן, אַן אויסגעצייכענטער שריפטשטעלער און גלענצענדער רעדנער. בשעת דעם ביילים פּראָצעס, אין קיעוו אין יאָהר 1912, איז ער דורך דער פאַרטיידיגונג ארויסגערופען געוואָרען אלס הויפּט עקספּערט און ער האָט מיט זיינע וויסענשאַפטליכע ערקלערונגען צוקלאַפּט די טענות פון די בלוט־בלבול־מאַכער.

זעלטען האָט אין רוסלאַנד א ראַבינער פאַרנומען אַזאַ הויכע שטעלונג, ווי דער מאָסקווער ראַבינער יעקב מאזע. אויב די גאַנצע אינסטיטוציע פון דעם „קאַזיאָני ראַבין" — דער רעגירונגס־ראַבינער — האָט בכלל געהאַט א זין, האָט די טעטיגקייט פון מאזע איהר געגעבען די בעסטע באַרעכטיגונג. א ראַבינער אין מאָסקווע, אין דעם — פריהער — אומאידישיסטען צענטער פון רוסלאַנד, אין הארץ פון רוסלאַנד, האָט מאזע דורך זיין פערזענליכקייט עס געבראַכט אַזוי ווייט, אז ער איז געוואָרען איינער פון די רעפּרעזענטאַטיווסטע אידען פון רוסלאַנד. א פריינד פון טאָלסטאָי, א חשוב ביי דער רוסישער אינטעליגענץ, געאַכטעט פון דער אַלטער אַדמיניסטראַציע, איז מאזע געוואָרען ניט בלויז א מליץ יושר פאַר אידען צו יעדער צייט, ווען עס איז געווען נויטיג, נאָר אויך א מין פאַרמיטלער צווישען דעם אידענטום און דער רוסישער אינטעליגענץ, צווישען דעם גייסט פון דעם אידענטום און דעם גייסט פון מאָסקווע.

און ווען עס איז געקומען די רעוואָלוציע, די שווערע צייט פון דעם באָלשעוויסטישען רעזשים, האָט מאזע, אַלט און קראַנק ווי ער איז געווען, אריינגעוואָרפען זיך מיט לייב



הרב יעקב מאַזע.

און לעבען אין דעם קאַמף פאַר דער אויפהאַלטונג פון דעם אידענטום, פאַר דעם אידישען קיום אין דעם מאַטעריעלען און אין דעם גייסטיגען זין פון דעם וואָרט. ער איז געווען די נשמה, דער קראַפט־צענטער פון אַלע געזעלשאַפטליכע קאָמיטעטען, וואָס האָבען זיך פאַרנומען מיט אידישער ארבייט—די קאָמיטעטען פאַר די פליכטלינגע, די קאָמיטעטען פאַר רעגולירונג פון דעם אידישען לעבען. און די באָלשעוויסטישע רעגירונג האָט איהם רעספּעקטירט ניט ווייניגער ווי די צאַריסטישע. די איינציגע, וואָס האָבען געזוכט מיט אַלע מיטלען אונטערצוגראָבען זיין איינפלוס, שטערען זיין ארבייט, פאַרביטערען זיינע לעצטע יאָהרען — זיינען געווען די אידישע קאָמוניסטען. זיי האָבען אין איהם געזעהן א שטאַרקען געגנער, ווייל ער האָט געמיינט ערנסט מיט דעם אידענטום. און טאַקע דערפאַר איז מאזע'ס טויט אַזאַ שווערער קלאַפּ פאַר דעם רוסישען אידענטום. עס איז געשטאָרבען א מליץ יושר.




# יִזְכֹּר...

## א דענקמאל

די געפאַלענע שומרים און אַרבייטער
אין ארץ-ישראל.

פערלאַג  „בית-עם“

לאדז, תרע"ח.

דרוקעריי פון ע. און מ. האַמבורסקי,
לאָדז, פּעטריקויער 16.

באַלד נאָכדעם ווי דער העברעאישער „יזכר“ איז ערשינען, איז אין די קרײַזען פֿון די היעגע יונגע ציוניסטען ענטשטאַנען די איניציאַטיווע אַרויסצוגעבען דאָס דאָזיגע בוך אויך אין דער יודישער שפּראַך, כּדי עס צוגענגליך צו מאַכען פֿאַר די יודישע שיכטען, וועלכע לעזען ניט קיין העברעאיש, און אַזוי אַרום עס צו מאַכען פֿאַר דעם, וואָס אַזאַ בוך דאַרף אײַגענטליך זײַן: אַ פֿאָלקס־בוך, וואָס זאָל זיך געפֿינען אין יעדען יודישען הויז, וואָס זאָל געלעזען ווערען דורך אַלע קרײַזען פֿון יודישען פֿאָלק, כּדי דאָס אָנדענקען פֿון די יונגע העלדען, וועלכע האָבען מקריב געווען זײַערע יונגע און בליהענדיגע לעבענס פֿאַר'ן יודישען פֿאָלק און לאַנד, זאָל לעבען אין יעדען יודישען האַרץ.

דער אויסברוך פֿון דער איצטיגער מלחמה האָט אָבער אויף אַ לאַנגע צײַט אומ־מעגליך געמאַכט אפילו צו טראַכטען וועגען דער אויספֿיהרונג פֿון דעם דאָזיגען פּלאַן. פֿערגעסען אָן איהם האָבען מיר אָבער ניט, און באַלד ווי עס האָט זיך באַוויזען אַ מעגליכקײַט האָבען מיר ווידער גענומען טראַכטען וועגען זײַן פֿערווירקליכונג.

דערווײַל האָבען אונזערע ברידער אין אַמעריקאַ, וועלכע האָבען געלעבט אין אַ סך גליקליכערע און בעסערע בעדינגונגען ווי מיר, אויסגעפֿיהרט אַ ענהליכע אויפֿגאַבע: אין יאָהר תרע“ו האָט דאָס פּועלי־ציון־פּאַלעסטינאַ־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק אַרויסגעגעבען אַ יודישען „יזכר“, וועלכער ענטהאַלט אַחוץ דעם מאַטעריאַל, וואָס איז ערשינען אין העברעאישען „יזכר“ וועגען די געפֿאַלענע שומרים און אַרבײַטער, אויך בילדער און אַרטיקלען וועגען די שומרים און אַרבײַטער, וואָס זענען געפֿאַלען נאָכדעם, ווי דער ערשטער „יזכר“ איז ערשינען. צוליעב דעם אָבער וואָס די קריעגס־פֿערהעלטעניסען האָבען אונז פֿאָלשטענדיג אָבגעשניטען פֿון אַמעריקאַ, קאָן אפילו קײַן רייד ניט זײַן וועגען דעם, אַז די אַמעריקאַנישע אויסגאַבע זאָל איצט דאָ בײַ אונז קאָנען דיענען יענער אויפֿגאַבע, וועגען וועלכער מיר האָבען אויבען גערעדט, און דעריבער האָבען מיר עס ווײַטער געהאַלטען פֿאַר אונזער חוב זיך ניט אָבצוזאָגען פֿון אונזער אַלטען געדאַנק.

צוטרעטענדיג אַרויסצוגעבען דאָס פֿאָרליעגענדע בוך האָבען מיר אַלזאָ פֿאַר זיך געהאַט: אַ) דעם העברעאישען „יזכר“, וועלכער איז ערשינען אין יאָהר תרע“ב אין יפו אונטער דער רעדאַקציע פֿון א. ז. ראַבינאָוויטש און ב) דעם יודישען „יזכר“, וועלכער איז אַרויסגעגעבען געוואָרען דורך דעם פּועלי־ציון־פּאַלעסטינאַ־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק אין יאָהר תרע“ו אונטער דער רעדאַקציע פֿון זרבבל, י. בן־צבי און א. חשין. אין אונזער אויסגאַבע איז אַרײַן כּמעט דאָס גאַנצע מאַטעריאַל וועגען די געפֿאַלענע שומרים און אַרבײַטער, וואָס איז געווען געדרוקט אין העברעאישען „יזכר“ („זכרונות“ פֿון יעקב ראַבינאָוויטש, „יעקב פּלאָטקין“ פֿון א. ז. ראַבינאָוויטש און פֿון י. בן־צבי, „זכרונות“

פֿון אליהו קאמענעצקי) און אויך דאָס מאַטעריאַל, וואָס איז שפּעטער פֿערעפֿענטליכט געוואָרען אין די צײַטשריפֿטען „הפּועל־הצעיר“ („נאָטיצען“ פֿון י. ח. ברענער, „זכרונות“ וועגען משה טײַך פֿון ר׳ בנימין, „משה באַרסקי“ פֿון ש. דין, דער בריעף פֿון הירץ באַרסקי) און „האחדות“ („יחזקאל ניסאַנאָוו“ פֿון צבי בעקער, „אויף מאיר כאַזאַנאָוויטש׳עס קבר“ פֿון אלכסנדר) *).

די אַרטיקלען: „חאַצקעל“ פֿון אבנר, „יצחק אחדותי“ פֿון זרבבל, „צווישען זאַנגען“ פֿון אבטליון, „מאיר׳קע“ פֿון אליעזר קאַנטאָראָוויטש, „זכרונות“ פֿון נחום אלקושי, „יוסף זאַלצמאַן“ פֿון אלכסנדר, „בעריל קליין“ פֿון מ. בירשטיין, „דער אַמעריקאַנער“ פֿון זרבבל, „יצחק טורנער“ פֿון אבטליון און „פֿון פּתח־תּקוה ביז סעדזשערא“ פֿון ד. בן־גוריון, — וועלכע זענען געדרוקט אין אונזער „יזכר“, זענען צום ערשטען מאָל פֿערעפֿענטליכט געוואָרען אין דער דערמאָהנטער אויסגאַבע פֿון פּועלי־ציון־פּאַלעסטינא־קאָמיטעט. אַחוץ דעם ענטהאַלט אונזער אויסגאַבע אויך בילדער זכרונות און ביאָגראַפֿיש מאַטעריאַל וועגען שומרים, וואָס זענען געפֿאַלען זייט ס׳איז ערשינענען די אַמעריקאַנישע אויסגאַבע.

די צײַכנונגען און בילדער, וואָס געפֿונען זיך אין אונזער אויסגאַבע, אַחוץ די בילדער פֿון משה באַרסקי, מנחם שטיינמאַן און מנחם בערלינער, זענען אַלע אויסגעפֿערטיגט געוואָרען לויט דער אויסגאַבע פֿון פּועלי־ציון־פּאַלעסטינא־קאָמיטעט, און זענען לכתּחלה געצייכענט געוואָרען דורך מ. לאַעב.

די ריינע הכנסה פֿון דעם דאָזיגען בוך איז געווידמעט דעם „השומר“־פֿאָנד אין ארץ־ישראל.

**פערלאג „בית־עם“.**

לאָדז, תּמוז, ה׳תרע״ח.

*) די דאָזיגע אַלע אויסגערעכנעטע אַרטיקלען, אַחוץ דעם אַרטיקעל פֿון ר׳ בנימין וועגען משה טײַך און די „זכרונות“ פֿון אליהו קאָמענעצקי, זענען אויך אריין אין דער יודישער אויסגאַבע פֿון פּועלי־ציון־פּאַלעסטינא־קאָמיטעט.




אַלע גרויסע שטרעבונגען, וועלכע האָבען אַ בעשטימטען היסטאָרישען ווערט, — און צו זיי געהערען אויך די פרייהייטס-בעוועגונגען — ווערען פערווירקליכט נאָר ביסלעכווייז, מיט קליינע, לאַנגזאַמע טריט לויט'ן קורצען לעבען פון דעם שטערבליכען.

דער מאַסשטאַב פון דער געשיכטע איז אַ גאַנץ אַנדערער, ווי יענער מאַסשטאַב, וועלכער איז צוגעפּאַסט לויט די בעגריפען פון די שטערבליכע. די פּאַסירונגען פון אַ גאַנצען דור בילדען נאָר איין קאַפּיטעל אין דעם בוך פון דער היסטאָריע, און דער דור גופא איז פאַר איהר ניט מעהר ווי אַ רינגעלע אין דער לאַנגער קייט פון געשעהענישען און טהאַטען, וועלכע פילען אָן דעם חלל פון דער אייביגקייט, וואָס רופט זיך צייט. און דורות נאָך דורות פערגעהען, דורות נאָך דורות קעמפען, אַרבייטען און שטרעבען, זייהען און פלאַנצען, ביז די היסטאָריע פערענדיגט אַ גאַנצע תקופה, ביז זי פערטיגט אויס אַ גאַנצע און פאָלשטענדיגע זאַך. און דעמאָלס וועט קומען דער גליקליכער, וואָס ס'איז איהם בעשעהרט געוועזען געבוירען צו ווערען אין אַ גליקליכער און מזל'דיגער שעה, און וועט שניידען די תבואה פון פעלד און וועט געניסען פון די פרות פון בוים, וועלכער איז דורך זיינע פאָרגענגער פערפלאַנצט געוואָרען מיט אַזוי פיעל ליעבע און זאָרגפעלטיגקייט. די היסטאָריע היט אָב דאָס געשאַפענע, זי וואַכט איבער די ירושה פון די דורות און מיט אַ ברייטער און מילדער האַנד בעצאָהלט זי די קינדער און די קינדס-קינדער פאַר די גוטע מעשים און פרוכטבאַרער אַרבייט פון די עלטערן.

אָבער דאָ דערוועקט זיך די פראַגע: ווער פון זיי ביידע איז גליקליכער? ווער פון זיי ביידע איז מעהר בעפריעדיגט:—די עלטערן אָדער די קינדער? — די זייהער, די שעפער פון דער בעוועגונג, וועלכע ווייסען דאָס רוב אַליין, אַז אויף זייער גורל איז אויסגעפאַלען צו זיין נאָר די פּיאָנערען, אָבצורוימען דעם וועג און איהם צוצוגרייטען פאַר דער צוקונפט, — אָדער די שניידער, וועלכע האָבען שוין געפונען אַ אויסגעטרעטענעם וועג, אַ אָבגערוימטען פון אַלע שטערונגען און אַ אויסגערייניגטען פון אַלע שטיינער און שטרויכלונגען? ס'איז אַ אַלטע פראַגע: ווען פיהלט זיך דער קינסטלער גליקליכער — ציי בעת דעם שאַפען, ווען די שאַפונגס-

װעהען כאַפּען איהם אָן און ער מורמעלט אַ שטילע תפלה, אַז דער געטליכער גײַסט זאָל איהם בעהערשען און אַז די שכינה זאָל רוהען אויף זײַנע װערק, אָדער װען ער פערענדיגט זײַן װערק און ער בעטראַכט עס און איז גליקליך און מאַכט אַ ברכה איבער איהם?

דער אוראַלטער דיכטער זאָגט: „הלוך ילך ובכה נושא משך הזרע, בוא יבוא ברנה נושא אלומותיו", (װײנענדיג זײהט ער, מיט געזאַנג שנײַדט ער די תבואה),—מ׳זעהט אַלזאָ, אַז דער דיכטער פון דער אַלטער אויפלעבונגס־עפּאָכע גיט דעם, װאָס שנײַדט, דעם פאָרצוג איבער דעם, װאָס זײהט. און פונדעסטװעגען װער װײס, צי די טרעהר פון דעם, װאָס זײהט, פיעלט ניט אָן די נשמה מיט שאַפונגס־לוסט אַ סך מעהר, װי דאָס געזאַנג פון דעם, װאָס שנײַדט און בינדט צוזאַמען די תבואה? ניט אַלע טרעהרען זענען גלײַך. אָפט פליעסט פון דעם זײהער׳ס טרעהר דאָס פרישע פאָלקס־געזאַנג. ס׳איז גערונען אַ טרעהר פון דעם זײהער׳ס אויג, און די טרעהר איז געפאַלען אויף דעם זוימען, און האָט דורכגעװײקט דאָס פעלד, און צוזאַמען מיט דעם זוימען איז די טרעהר אײַנגעזאַפּט געװאָרען אין די זאַנגען; און װען דער שנײַדער איז געקומען צוזאַמענבינדען זײַנע תבואה־בינטלעך, האָט ער דערפיהלט, אַז די טרעהר איז צײַטיג געװאָרען—און ער איז בעגײַסטערט געװאָרען און האָט געזונגען זײַן ליעד...

...דאָס פאָרליעגענדע בוך איז אַ בוך פון טרעהרען, אַ אזכרה פאַר די נשמות פון אונזערע פּיאָנערען, װאָס זײהען און פּלאַנצען, אַ אזכרה פאַר די, װאָס יונגערהײַט זענען זײ אויפגעשטאַנען און געװאָרען װעג־דורכבּרעכער. מ׳קאָן ניט צוגעהן צו דעם בוך מיט׳ן מאַסשטאַב פון דער געװעהנליכער קריטיק, װײַל דאָס דאָזיגע בוך װעט פערנעמען אַ בעזונדערען פּלאַץ בײַ אונז, דאָס דאָזיגע בוך איז אַ לעבעדיגע מצבה, אָדער בעסער געזאָגט: אַ לעבעדיגע אויפשריפט אויף דער מצבה פון אונזערע ערשטע פאָלקס־העלדען. און פונקט װי אַלע אויפשריפטען פון מצבות זענען אײגענטליך נאָר אַ רמז אויף װערטער, װײַל זײ זענען בעשטימט ניט פאַר די פיעלע, די פרעמדע, נאָר פאַר יחידים, נאָהענטע,—אַזױ אויך דאָס בוך „יזכר"—מעהר װי עס דערצעהלט, פערהוילט עס אַ סך טײַערע סודות, װאָס דער פרעמדער און דער װײַטער װעלען קײנמאָל אין זײ ניט אַרײַנדרינגען. נאָר די, װאָס זײער נשמה איז פערבונדען מיט׳ן נײַעם לעבען, װאָס װעבט זיך אין לאַנד פון די אבות זײַט דער נײַער ישוב האָט זיך אָנגעהױבען צו ענטװיקלען, נאָר די, װאָס האָבען זיך צוגעקוקט צו דער נײַער העלדישקײַט פון די בעשײדענע יונגע לײַט און צו דעם נײַעם גײַסט, װאָס רײַסט זיך אַרױס און ענטפלעקט זיך פון דער הײליגער אַרבײַט, נאָר די װעלען לײענען אין דעם דאָזיגען בוך, אין די שורות און צװישען די שורות, און װעלען אין איהם זעהן די אָבשפּיעגלונג פון אַלעם און װעלען שעפּען פון איהם

צופריִדענהייט און מוט, האָפנונג און גלויבען. צופריִדענהייט מיט דעם געשאפענעם, מוט פאר נייע מעשים, האָפנונג אויף די צוקונפט און גלויבען אין אונזער אייגענער שאפענדער קראפט.

ס'קאָן זיין, אז עס איז גאָרניט אזוי שווער פאר דעם מענש צו ווערען א העלד אויף א ווייַלע. עס טרעפט, אז א גרויסע מעגליכקייט ענטפלעקט זיך פאר אונזערע אויגען און נאָר איין שפרונג איז נויטיג — און די זאך איז אָבגעטהון. עס טרעפט, אז דער מענש ברעכט דורך זיין וועג מיט איין מאָל און דערגרייכט זיין אידעאל מיט איין מאָל. אָבער ווי שווער איז פאר דעם מענש צו זיין א העלד שטענדיג, און ארויסצווייזען זיין העלדישקייט אין אונאויפהערליכע מעשים, אין דעם טאָגטעגליכען וואָכענדיגען לעבען. יעדער, וואָס קאָנצענטרירט זיין גבורה און ווייזט זי ארויס מיט איין מאָל, רופט ארויס פערוואונדערונג, וועלכע ברענגט צו פערעהרונג, און די פערעהרונג פון דער געזעלשאפט — דאָס איז א גרויסע בעוועגענדע קראפט; אנדערש איז אָבער דער שטענדיגער העלד. ער בלייבט שטענדיג בעהאלטען, ער איז ניט להוט נאָך פערעהרונג, ווייל זיין העלדישקייט איז א בעשיידענע און ציהט ניט צו די אויפמערקזאמקייט פון צושויער. דער פלאץ פון די דאָזיגע העלדען איז שטענדיג צווישען די מיטעלמעסיגע און געוועהנליכע.

און די דאָזיגע בעשיידענע העלדען איז געווידמעט דאָס דאָזיגע בוך.

ניט איבער נאכט איז ענטשטאנען דער נייער ישוב. ניט דורך א כשוף איז דער קרעמער און הענדלער פערוואנדעלט געוואָרען אין א זייהער און פלאנצער. די געשיכטע פון נייעם ישוב איז נאָך ניט אָנגעשריבען געוואָרען. איך בין ניט אויסען מיט די דאָזיגע ווערטער די כראָנאָלאָגיע פון די פאסירונגען פון איינצעלנע קאָלאָניעס אָדער איינצעלנע געשעהענישען. איך מיין דעם אינערליכען קאמפף, וואָס די שאפער פון ישוב האָבען געמוזט אויסקעמפען אין זיך, אין דער טיעפעניש פון זייער אייגענער נשמה; איך מיין יענעם וואונדערליכען פראָצעס, וואָס בעגייט און איבעראנדערשט, וועלכען אונזערע פיאָנערען האָבען געמוזט דורכמאכען, ביז זיי האָבען זיך טיעף פערוואָרצעלט אין באָדען, וואָס זיי האָבען געזייהט, געאקערט און געפלאנצט, ביז זיי האָבען דערשפירט אין זייער נשמה דעם באנד, וואָס פערבינדט זיי צו דער דאָזיגער ערד און צו דער נאטור, וואָס ארום זיי.

ניט צו ערד האָבען געשטרעבט אונזערע פיאָנערען; א לאנד האָבען זיי געוואָלט. ערד ווערט געקויפט, אָבער א לאנד קאָן מען ניט קויפען, דאָס הייסט: דאָס קויפען אליין גענוגט נאָך ניט, כדי צו ווערען א בעל־הבית איבער איהם. פון די קויפער פאָדערט זיך נאָך איין בעדינגונג—ליעבע, די ליעבע צום לאנד ביז צו מסירות־נפש... און די דאָזיגע גרויסע ליעבע דארף מען איינפלאנצען אין די הערצער, און זי דארף נאָך מעהר געפלעגט ווערען ווי די תבואה פון פעלד און די פרוכט פון

בוים, ביז זי וועט זיך טיף איינוואָרצלען און וועט קאָנען בּײשטעהן אפילו דעם שטאַרקסטען ווינד. דאָס איז די גרויסע ליעבּע, וואָס דאָס פאָלק און דאָס לאַנד בּעהעפטען זיך און גיסען זיך אין איהר צוזאַמען, בּיז זיי ווערען צוזאַמענגעוואַקסען אין אַ אונטײלבּאַרען צווילינג.

מיר וואַרטען אויפ'ן בּוך, אויף דעם גרויסען ווערק, וואָס וועט דערצעהלען דעם דור וועגען דעם נײעם ישוב. און דאָס דאָזיגע גרויסע ווערק וועט פאַר אונז קלאָר מאַכען די גרויסע ליעבּע, וואָס מיר טראָגען אונבּעוואוסטזיניג אין דער טיעפעניש פון אונזער נשמה. און דאָס דאָזיגע ווערק וועט פאַר אונז דיענען אלס אַ קאָמענטאַר און פירוש צו אונזער לעבּען, צו אונזער בּענקשאַפט, צו אונזער אײבּיגען שטרעבּען צום לײַכטענדען און שעמערירענדען מזרח...

אַ פראַגמענט, אַ סימן פון דעם דאָזיגען ווערק, וואָס איז נאָך ניט אָנגעשריבּען געוואָרען, געפונען מיר אין דעם פאָרליעגענדען בּוך. מיר געפונען אין איהם אויפגעשריפטען אויף מצבות פון אונזערע געפאַלענע שומרים און אַרבּײטער. אויף זייער פאָסטען, אויפ'ן פאָסטען פון נײעם און יונגען ישוב, זענען געפאַלען אונזערע דאָזיגע נאַאיווע העלדען, אונזערע צניעות'דיגע און כשר'ע פיאָנערען. די יודישע גערטנער, פעלדער און שאָף האָבּען זיי, די העלדען אונזערע, געהיטען. אָבּער ציי בּלויז דאָס האָבּען זיי געהיטען? צי האָבּען זיי דען ניט אין דער זעלבּער צייט געהיטען עפּיס העכערס, ערהאַבּענערס? צי האָבּען זיי דען ניט געהיטען און פערטיידיגט דעם יונגען יודישען כבוד, געהענדיג אַנטקעגען דער סכנה מיט אַ גאַנץ האַרץ און מיט אַ אונפערגלייכליכען העלדישען מוט? שולמית קלאָגט זיך: „בּני אמי נחרו בי, שמוני נוטרה את הכרמים, כרמי שלי לא נטרתי“ („די קינדער פון מיין מוטער האָבּען זיך געריצט מיט מיר, זיי האָבּען מיך געמאַכט פאַר אַ היטערין פון די וויינגערטנער, מיין אײגענעם וויינגאָרטען האָבּ איך ניט געהיטען“). און אָט נאָך דורות און תקופות פון האָפען און וואַרטען—זענען געקומען די דאָזיגע שומרים און האָבּען אונז געזונגען אַ נײַ ליעד, „דאָס ליעד פון מיין געליעבּטען צו זיין וויינגאָרטען“, און ניטאָ איז מעהר קיין פּלאַץ פאַר שולמית'ס קלאָג־ווערטער.

און עס זענען געקומען יודישע בּע'חנ'טע בחורים, אָבּגעבּרענטע פון די שטראַהלען פון דער גליהענדיגער זון, און געטראָגען פון אַ נאָך מעהר גליהענדיגען גײַסט, פון גײַסט פון ליעבּע און שטרעבּונג צום פאָטערלאַנד פון זייער פאָלק און צו זיין צוקונפט,—זיי זענען געקומען און זיך געשטעלט אויף דער וואַך...

און אין פינסטערע נעכט האָבּען זיי זיך צושפּרײט איבּער טהאָלען, וואָס די בּערג אַרום זיי דעקען זיי צו, זיי און זייערע אַלטע סודות,—„אַלע בּעוואָפענט מיט שווערדען, אויסגעבּילדעט צום קאַמפּף, יעדער מיט זיין שווערד צוליעבּ דער שרעק

פון די נעכט", די קעפ געבויגען צום האַלז פון אַראַבּישען פערד, און די הענד אויסגעשטרעקט צו „שלום", מקבל פנים צו זיין די, וואָס פאַר זיי דאַרף מען זיך היטען. די גאַנצע נאַכט האָט דער שומר געריטען, האָט געוואַנדערט איבער טהאָלען און ניעדערונגען, און אָט האָט זיך בעוויזען דער מאָרגען-שטערן, און די העריכע שטראַהלען פון מזרח פערבלענדען די אויגען פון העלד. „שומר, מה מלילה? שומר, מה מליל?" זאָגט דער שומר: „אתא בוקר, וגם לילה—" ס'איז געקומען דער פריה-מאָרגען און אויך די נאַכט—אַ נאַכט אַ שעהנע, אַ צויבער-פולע, אַ געהיימניס-פולע.

און צוזאַמען מיט איהרע טיעפע סודות פלעגט די נאַכט אַמאָל אויך שיקען אַ סוד פון בלוי אין האַרץ פון מוטיגען רייטער, און דער רייטער פלעגט פאַלען צו דער ערד, ער צוזאַמען מיט זיין סוד...

אַזוי האָבען זיי געזייהט און אַזוי האָבען זיי געפלאַנצט—אַ לעבען פון העלדישקייט און האָפנונג האָבען זיי געפלאַנצט אין אונז, און אַ מוסטער ווילען זיי זיין פאַר די זייהער און פלאַנצער, וואָס קומען נאָך זיי.

... אַ בוך ווי אַלע ביכער: געדרוקט אויף פאַפיר, שוואַרץ אויף ווייס, אָבער פון זיינע שורות שפּראָצט אַרוים און בלענדט די פורפור-קאָליר—די קאָליר פון דער מזרח-זון אויפ'ן בלויען הימעל.

## ד"ר. שמריהו לעווין.

ארץ מולדת (שירי הקולוניסטים בארץ ישראל).



אלי, ארץ מולדת,
את ארץ נחמדת,
באושר נערץ, נערץ
הדום,
עוז רוח ספקנו,
ניצור תקותנו!
בגאות עוז, בעוז הרם!

באושר הרון
בדם ובלי דין
נגינה, נגינה אליך אשר!
באור ובחרב
באון בגבורה
ועל נתיבך נלוה, נלוה
הנמהר!

מלחמה נערוכה
באון ושמחה
ומרום נחזיקה, נחזיקה הנס!
כגבורי האות
יחשבו לעפר
הדגל, הדגל יעשה רק האות!





**דוב (בעריל) שווייגער,**

פון דרום־רוסלאַנד. געשטאָרבען ענדע ניסן ה׳תרס״ט (1909) אין שטאָדט טבריה
פון די וואונדען, וועלכע ער האָט בעקומען מיט עטליכע וואַכען צוריק בעת אַ צו־
זאַמענשטויס מיט אַראַבער אין פעלד, צווישען לוביא און מצפה.

יעקב ראבינאוויטש.

# זכרונות.

דאָס איז געווען אין חודש סיון, עטליכֿע טעג פֿאַר ל"ג בעומר. איך בין דעמאָלס דורכֿגעפֿאָהרען די קאָלאָניעס פֿון אונטערשטען גליל. עטליכֿע טעג האָב איך פֿערבראַכֿט אין סעדזשערא. דעמאָלס האָב איך מיך בעקענט מיט בערעלע שוויינגער.

דריי פֿון די ארבייטער האָבען מיך דאָרט פֿעראינטערעסירט, איינער פֿון זיי אַ אָדעסער, נאָר גאָר ניט קיין אָדעסער טיפּ. מיט אַ בעזונדערער ערנסטקייט האָט ער זיך צו אלץ בעצויגען: האָט זיך בעטייליגט אין אָדעס אין דער ציוניסטישער טעטיגקייט, איינגעשטעלט דאָס לעבען אין זעלבסט-שוץ; פֿון דאָרט אוועק קיין בערלין און שטודירט אגראָנאָמיע. שפּעטער האָט ער אויך דאָס אויפֿגעגעבען און געקומען קיין ארץ ישראל ווערען אַ ערד-ארבייטער. ער האָט געזוכֿט דעם עיקר אין זיין לעבען און מיר דוכֿט, אַז דאָ אין לאַנד האָט ער דעם דאָזיגען עיקר געפֿונען. אַ אונגעוועהנליכֿע רוהיגקייט איז דעמאָלס געווען אויסגעגאָסען אויף איהם. נאָר אַמאָל פֿלעגט ביי איהם אין די אויגען אויפֿבליצען אַ מאָדנע פֿייערל, וואָס האָט ניט געפּאַסט ניט צו זיין געזיכֿט און ניט צו זיינע ארבייטער-הענד, ניט צו זיין אויסערליכֿקייט און ניט צו זיינע בעוועגונגען.

דער צווייטער יונגערמאַן איז געווען אַ אָרטיגער געבוירענער אין איינער פֿון די קאָלאָניעס אין יהודה. אַ קינד פֿון אַ פֿרעהליכֿען טאַטען, איז ער אויך געווען שטענדיג לוסטיג און לעבעדיג. די פּקחות פֿון אַ יונג-אַלטען מיט דער פֿרעהליכֿקייט און שטיפֿערישקייט פֿון אַ קינד האָבען זיך אין איהם פֿעראייניגט. נאָר מיט איין זאַך איז ער פֿאַר מיר געווען אויסטערליש. די קאָלאָניסטישע קינדער זענען דעמאָלס כּמעט אַלע געווען רוהיגע. יענע נערוועזישקייט, דער בטול-היש, די אונאויפֿהערליכֿע בענקשאַפֿט און דער גאַלגען-הומאָר פֿון אונזערע רוסישע יונגע-לייט איז זיי פֿרעמד געווען. נאָר דער דאָזיגער בחור איז געווען אַ אויסנאַהם. זיין נאַטירליך העברעאיש און זיין פּשטות זענען געווען די איינציגע סימנים, אַז ער איז אַ ארץ-ישראל'דיגער. פֿון וואַנען קומען צו איהם די איינגענשאַפֿטען פֿון דער רוסישער יוגענד? — דאָס האָט מיך געוואונדערט, פּונקט ווי עס זענען פֿאַר מיר אויך געווען אַ וואונדער די ארץ-ישראל'דיגע שטריכֿען אין כֿאַראַקטער פֿון דעם דריטען, פֿון בערעלע שוויינגער.

דער לעצטער איז געווען אַ בחור פֿון אַ יאָהר 18; אַ ווייך געזיכֿט, לעבעדיגע אויגען, געקרייזעלטע האָר און מיידעלשע חן-גריבעלעך אין די באַקען. אַ אונגעוועהנליכֿע פֿרעהליכֿקייט, אַ עכֿט-דרום'דיגע לייכֿטקייט צוזאַמען מיט אַ שעהן-רוהיג געזיכֿט. און לאַכֿען האָט ער געקאָנט, דער בחור, ממש ווי אַ יונג מיידעל; האָט ליעב געהאַט צו זינגען, טאַנצען, שטיפֿען און משוגע מאַכֿען זיך. אין די דאָזיגע זאַכֿען איז אויך זיין ארץ-ישראל'דיגער חבר געווען אַ גרויסער בריה. נאָר אַ מאָל, ווען זיי ביידע פֿלעגען שפּאַסען און שטיפֿען, פֿלעגט אויסקומען משונה'דיג צו הערען, ווי זייער דריטער חבר, דער אָדעסער, פֿערציהט עפּיס אַ ערנסטען, אומעטיגען ניגון.

לבנה=נעכט זענען דעמאָלס געווען, און מיר פֿלעגען ארומשפּאצירען איבער חער קאָלאָניע ביז האלבער נאכט. פֿון דעם בערגעל, וואו עס שטעהען די געביידעס פֿון פֿארם, פֿלעגען מיר זיך אראָבלאָזען אין די קאָלאָניע אריין און אַ מאָל אויך אוועקגעהן אין די פֿעלדער. געזאנג=קלאנגען האָבען אָנגעפֿילט חעם גאנצען שטח. בעזונדערס האָט אָבגעקלונגען דאָס זילבערנע געלעכטער פֿון בערעלע שוויגער. אין ארץ=ישראל קאָן מען ניט לאכען. מ'ווייס דאָ ניט פֿון קיין איבעריגער עצבות אָבער אויך ניט פֿון דעם פֿולען געזונדען דרום=רוסישען געלעכטער. עצבות און לאכען זענען דאָ אויסלענדישע סחורות. און יענס הילכיגע, קלינגענדיגע געלעכטער, וואָס גיסט זיך פֿונאנדער און צושלאָגט זיך ווי כוואליעס אָן שטיינער, יענס געלעכטער פֿון בערעלע'ן פֿלעגט מיך מיט אמאָל אוועקטראָגען פֿון דאנען צום ברעג פֿון שווארצען ים און צו זיינע זומער=נעכט. און דאן האָט מען מיר געזאָגט, אז בערעלע איז אַ אָדעסער.

בערעלע האָט גערעדט אויף דריי שפּראכען: העברעאיש, יודיש און רוסיש. אין די ערשטע צוויי שפּראכען האָט ער זיך געפֿיהלט גאנץ היימיש און אין דער דריטער איז ער געווען אַ גאסט. אָפּטמאָל פֿלעגט ער פּלוידערען מיט אַ מין מישמאש פֿון שפּראכען, אויף יענער בעזונדערער המון=שפּראך פֿון דער אָדעסער מאָלדאוואנקע, אַ צוריסען און צופּליקט יודיש, אויסגעמישט מיט אַ פֿערגרייזטען, פֿערייודישטען רוסיש. מיר פֿלעגען קייכען פֿון געלעכטער, הערענדיג דעם משונה'דיגען דיאלעקט זיינעם.

בערעלע האָט ליעב געהאט דאָס לאנד מיט אַ נאטירליכער ליעבע. כ'ווייס ניט, צי איהר קענט די אומגעגענד פֿון אָדעס. ארום צענטער פֿון שטאָדט ציהען זיך געראָימע קווארטאלען מיט ברייטע גאסען, לאנגע הויפֿען און לעדיגע פּלעצער. נאָר די הייזער, סיי די קליינע, זעהען אויס, ווי זיי וואָלטען געבויט געוואָרען מיט אַ קארג הארץ. שמאָלע צימערען, פֿינסטערע קעלערס און שלעכטע געביידעס. הינטער די דאָזיגע גאסען שפּרייטען זיך אויס פֿעלדער, בערגלעך און טהאָלען. מאנכע זעהען אויס ווי ווענד פֿון אַ חורבה און אנדערע — פּשוט ווי גרויסע מיסטבערג. אויף די דאָזיגע בערגלעך און צווישען זיי איז דאָס קעניגרייך פֿון די „באָסיאַקעס“. פֿון פּאָרט און פֿון וואָקזאל קומען זיי דאָ אהער זיך ווארעמען אקעגען דער זון. און ווען די קינדער פֿון די שטאָדט=קווארטאלען רייסען זיך ארויס פֿון דער שטיקענדער לופֿט צו דער זון, זאפּען זיי איין אין זיך אויך די דאָזיגע בעזונדערע אטמאָספֿערע; זיי קריכען ארויף אויפֿן בערגעל, וואו מ'זעהט פֿון איין זייט די ברייטע און ווייטע סטעפּעס און פֿון דער אנדערער זייט — דעם ווייטען ים=שטח. און די „באָסיאצקע“ ליעדער, דאָס ליעד פֿון די ברייטע און ווייטע „סטעפּעס“, דאָס ליעד פֿון ווילדע און לוסטיגע, אויסגעמישט מיט'ן יאָמער פֿון צובראָכענע נפשות, וואָס האָבען שוין אלץ פֿערלאָרען, — דאָס דאָזיגע ליעד דרינגט אריין און הארץ פֿון יודישען יונגעל, מישט זיך אויס מיט זיינע פֿאלקס=ליעדער און דערפֿון בעקומט זיך אַ ניי לייכטזיניג ליעד, אַ ממזר=ליעד אָהן אַ טאטע און אָהן אַ מאמע, מיט פֿערשיעדענע פּלוצלינג'דיגע איבערגאנגען פֿון איין ניגון צו אַ צווייטען, פֿון איין שפּראך צו אַ צווייטער, אַ כל=בו=ליעד, סוף כל סוף בעקומט זיך עפּיס אַ משונה'דיגע נשמה, אָהן פֿאָלק, אָהן לאנד, אָהן עבר, אָהן עתיד, אָהן אינהאלט און אָהן פֿאָרם — אַ מאָלדאוואנקע=נשמה.

און דאַך איז נאָך פֿאַרהאַן אין יענער מאָלדאַוואַנסקע אַ המון יותען, וואָס זענען נאָך פֿערבליבען בײַ זייערס. די דאָזיגע יודען שטערען דער ענטוויקלונג פֿון אַ נייער לעבענס=פֿאָרם. און אַזוי ווערט געשאַפֿען אַ נייער מין יודען: יודישע „באָסיאַקעס“.

אַ יודישער „באָסיאַק“! אַזאַ טיפּ איז געווען בערעלע שווייגער. אויסערליך האָט ער אַזוי ניט אויסגעזעהען. זיין געזיכט איז געווען שעהן מיט עפּיס אַ שטילקייט פֿון יחסנים. אָבער אַלץ וואָס ער האָט געהאַט אין זיך פֿון זיין פֿערגאַנגענהייט, פֿון די אָדעסער קוואַרטאַלען — איז געווען „באָסיאַקיש“. ווער האָט איהם אַהער געבראַכט? — ווייס איין גאָט אין הימעל. נאָר איין זאַך איז מיר קלאָר: אַוועקגעהן פֿון דאַנען האָט ער ניט געקאָנט. אַלץ איז איהם דאָ געווען נאָהענט. יענער ווייטער בלויער ים, יענע טיפֿע הימלען מיט חער ברייטער געגענד, בערג און טהאַלען, מיט'ן גאַנצען „באָסיאַקישען“ לעבען פֿון דעם יודישען אַרבייטער דאָ. דערצו די לײַכטקייט, מיט וועלכער מ'קאָן דאָ איבערגעהן פֿון איין אַרבייט צו דער צווייטער, פֿון איין אָרט צום צווייטען, — דאָס אַלץ האָט געמוזט צובינדען זיין נשמה צו ארץ-ישראל, אויף וויפֿיעל אַזאַ נשמה איז בכלל פֿעהיג זיך צוצובינדען צו איין אָרט. ביסלעכווייז האָבען זיך בײַ איהם אָנגעהויבען צו ענטפּלעקען נײַע נייגונגען. און צוזאַמען מיט די חן=גריבעלעך אויף די באַקען — האָבען זיך אָנגעהויבען צו בעווייזען אויך קנייטשען פֿון זאָרג און צער.

איך האָב זיך מיט בערעלע'ן געטראָפֿען נאָך אַ מאָל אין מירון און אויך אין ראש=פּנה. און שטענדיג דער זעלבער לאַכענדיגער, טאַנצענדיגער און שטיפֿענדיגער בערעלע. ס'איז אָבער געווען אויך אַ אַנדער בערעלע — בערעלע דער שומר. שפּעט בײַ נאַכט, ווען ער האָט שפּאַצירט צווישען די קרושאַקעס און די שטיינער אַרום דער קאָלאָניע, און די לבנה פֿלעגט זיך בעהאַלטען, דעמאָלס פֿלעגט בערעלע ווערען ערנסט. ניט בערעלע איז ער דעמאָלס געווען, נאָר דוב שווייגער, און אויך אין יענע מאָמענטען, ווען מיר פֿלעגען רעדען וועגען לאַנד, וועגען גליל און וועגען דער וואַך, פֿלעגען זיך אויף זיין שטערן בעווייזען איינצעלנע קנייטשען. די וואַך אין גליל איז דאַן געווען אַ געפֿעהרליכע. די שומרים האָבען דאָס גוט געפֿיהלט. אָבער קיינער פֿון אונז האָט ניט געגלויבט, אַז בערעלע קאָן שטאַרבען. דאָס איז פּשוט לעכערליך! בערעלע מיט די חן=גריבעלעך אין לאַקען וועט שטאַרבען? דאָך, ער פֿלעגט זיך צוהערען בײַ נאַכט צום געהיימען שאָרך צווישען די בערג און שטיינער פֿון גליל. אין די בערג מיט זייערע בעהעלטעגישען און היילען אין אונמעגליך ניט צו הערען די שטילע טריט פֿון שונא.

און צוזאַמען מיט די קנייטשען איז אויך געקומען אַ אַנדער בעציהונג צו אַלץ. די ליעבע צום לאַנד איז אַריינגעדרונגען וואָס אַמאָל טיעפֿער אין הארץ. בערעלע האָט אָנגעהויבען צו רעדען העברעאיש. די ערשטע לעבענס=איינדרוקען זענען פֿערווישט געוואָרען. ס'ווייזט אויס, אַז אַ חוץ זיין פֿערגאַנגענהייט אויף די ברעגעס פֿון שוואַרצען ים, האָט ער אָנגעהויבען צו פֿיהלען אויך אַ אַנדער פֿערגאַנגענהייט, יענע פֿערגאַנגענהייט, וועלכע פֿערבינדט איהם מיט די, וועלכע האָבען דאָ מיט צוויי טויזענד יאָהר צוריק געשטעלט זייער לעבען אין סכנה. די מאָלדאַוואַנער לײַכטזיניגקייט האָט נאָר געמאַכט די ערשטע שריט, אָבער די גליל'ער נעכט האָבען ביסלעכווייז פֿערוואַנדעלט דאָס יונגעל אין אַ מאַן.

עד היום זעה איך פֿאר זיך זײַן געזיכט. אט איז ער, דאס יונגעל פֿון דער מאלדאוואנקע. אט זינגט ער: „מײַן הארץ זאגט מיר אן א קלארען, פֿרישען בליהענדיגען פֿריהלינג“ און אביסעל שפּעטער און זײַן קול איז שוין טרויעריג און ער זינגט „הכניסיני“. און ווידער צוריק צו דער מאלדאוואנקע; אין א רגע ארום רעדט ער שוין העברעאיש, רעדט ערנסט וועגען לאנד, וועגען גליל, וועגען דער וואך. בערעלע און — ערנסטקייט! ווידער א רעטעניש. ווער האט עס אויסגעאקערט די געדאנקען־קנייטשען אויף זײַן שטערן? ווער האט אהער געבראכט דעם מאלדאוואנער און איהם געמאכט פֿאר א ארץ־ישראל'דיגען? ווער?

ער האט נאך ניט געוואוסט פֿון סתירות. אונז, ליטוואקעס, איז די הארמאניע פֿרעמד. אדער „כלו זכאי“, אדער „כלו חיב“, אדער מיר זענען איינגאנצען אין גלות, אחער מיר האבען איינגאנצען פֿײַנד דעם גלות און שטרעבען נאר צו דער אויפֿלעבונג. אבער ער האט געוואוסט נאר איין זאך: שעהן איז דאס לעבען. פֿארהאן א שעהן לאנד, שעהנע הימלען אויסגעשטערענטע, לבנה־נעכט, בוימער, קרושאקעס, בערג, פֿעלזען און ס'איז פֿארהאן און אלץ איז געווען אין איהם און ער איז געווען אין אלץ — נאר, ווי ס'ווײַזט אויס, האט ער אויך אנגעהויבען צו פֿיהלען, אז ס'איז עפּיס ניט אזוי פשוט.

און בערעלע איז גע'הרג'עט געווארען. און איהר קלאגט אויף זײַן טויט. און וויפֿיעל זענען איהם מקנא? ער האט ניט פֿערשוועכט זײַן נשמה; און אנדערע? און ווער ווייס וואוהין ער וואלט אוועק ווען ער וואלט געבליבען לעבען?

און וויפֿיעל העלדען זענען דא געווען? ווער האט זיי געזעהען? ווער קוקט זיך אום אויף זיי? און וויפֿיעל פֿון זיי זענען אויך איצט פֿארהאן?

א שאד! א שאד, וואס מיר ווייסען נאר הספדים צו מאכען. פֿאר די לעבעדיגע האבען מיר קיין אויג ניט.



# ישראל קאַרנגאָלד.

ישראל קאָרנגאָלד איז געקומען פון קרינקי, נעבען ביאַליסטאָק. לכתחלה האָט ער געאַרבײַט אין די קאָלאָניעס פון יהודה, שפּעטער איז ער אַריבער קײַן גליל, צוזאַמען מיט די ערשטע אַרבײַטער, וואָס זענען געקומען אַרבײַטען אין כּנרת. דאָס לעצטע האַלבע יאָהר האָט ער געאַרבײַט און איז געווען שומר אין דער פאַרם סעדזשערא. אַרום פּסח איז פאָר־געקומען נים ווײַט פון סעדזשערא אַ צוזאַמענשטויס מיט אַראַבער, וועלכע זענען אָנגעפאַלען אויף אַ יודישען אַרבײַטער. איין אַראַבער איז פערוואונדעט געוואָרען און דערנאָך געשטאָרבען. אין אַ וואָך אַרום, דעם לעצטען טאָג פּסח (כ״א ניסן התרס״ט), האָבען קריסטליכע אַראַבער פון שכנות'דיגען דאָרף אָבגעוואַרט ישראל'ן בײַם בית־עלמין פון סעדזשערא און איהם דערשאָסען, נעמענדיג נקמה פאַר זײַער הרוג.



ר׳ בנימין.

# צווײ...

דער נאָמען פֿון ערשטען איז דוב שווײַגער, אָדער ווי מיר פֿלעגען איהם, דעם ליעבען און וואוילען, רופֿען: בערעלע שווײַגער.

מיט איהם בין איך געווען בעקאנט מעהר ווי א יאָהר צײַט. און מעשה שהיה כך היה:

איך בין דאָן געווען א בירגער פֿון דער שטאָדט יפו ת״ו און געאַרבײַט אין אײנעם פֿון איהרע שול־אַנשטאַלטען. מיט אַמאָל זענען דערעסען געוואָרען די טינטערס־טינט, דער קאַנצעלאַריע־טומעל און די קאָמיסיעס ־ זיצונגען, אין וועלכע כ׳בין דאן געווען פֿערטהון מיט לײַב און לעבען. כ׳האָב ניט קײַן סך געטראַכט און גערעכענט. א שטאַרקע און מעכטיגע שטים האָט אין מיר גערופֿען: צו דער פֿרײַער לופֿט, צום פֿעלד.

כ׳האָב זיך אויפֿגעהויבען, בין אַוועק צום דילישאַנס און — הײַדאַ קײַן פּתח־תקוה.

דאָס איז אויסגעפֿאַלען ערב שבת. שפּעט בײַ נאַכט האָב איך צום ערשטען מאָל זיך געטראָפֿען מיט בערעלע׳ן. מיר האָבען אַוועקגעשפּאַצירט הינטער די קאָלאָניע. צווײ מײדלעך זענען מיט אונז מיטגעגאַנגען: א פּוילישע און א ליטווישע.

בערעלע האָט געשטיפֿט, געשפּאַסט און זיך משוגע געמאַכט. ס׳איז קענטיג געווען, אַז עפּיס איז מיט איהם ניט גלאַט. עפּיס האָט אין איהם געקאָכט און ניט געפֿונען דעם פּאַסענדען און ריכטיגען אויסדרוק. די מײדלעך האָבען ניט אַראָבגעלאָזען די אויגען פֿון איהם. אָבער אויך די ראָזיגע אויגען האָבען געפֿרעגט, געשטוינט און געוואונדערט זיך: וואָס איז מיט איהם?

מיך האָט עס נאָך אַזוי שטאַרק ניט בערוהרט.

ערשט דעם קומענדיגען אָווענד, מוצ״ש, האָט עס מיך א דורכגענומען. אין דעם משוגה׳דיגען געצעלט פֿון צ. האָט זיך צונויפֿגעקליבען א קלײנער עולם. בערעל האָט דאָן מיט א צורײסענער שפּראַך מודיע געווען, אַז די זאַך איז ניט כשורה, אַז עס זענען נויטיג אויסבעסערונגען, שנויים און בענײַאונג און אַז די נאַכט נאָך געהט ער אַוועק קײַן גליל. פֿאַר וואָס? צוליעב וואָס? אויף דעם האָט ער נאָך ניט געענטפֿערט, האָט נאָך ניט געהאַט געפֿונען דעם ריכטיגען און אײגענעם אויסדרוק.

דעם אמת׳ען און בעזונדערען אויסדרוק האָט ער געפֿונען ערשט דעם קומענדיגען פֿריה־מאָרגען. ס׳איז געווען, ווי מיר זענען זיך נוהג צו זאָגען, א העל־שײַנענדיגער פֿריה־מאָרגען. א סך, סך זונען־שײַן. ארץ־ישראל׳דיגער זונען־שײַן. זאַלבעדריט, איך, ער און דאָס ליטווישע מײדעל, זענען מיר אַרומגעגאַנגען אין די בערג צווישען פּתח־תקוה און יפו. און צווישען די בערג, און די טהאָלען, האָבען זיך די הערצער פֿונאַנדערגעעפֿענט. בעזונדערס האָט זיך געעפֿענט בערעל׳ס האַרץ. תחילת האָט ער נאָך געשטאַמעלט, גערעדט אויף פֿרעמדע שפּראַכען: ער זעהט ווי ווערים פּויזען אַרום זײַן אידעאַל. די ערד וויל איהם אײַנשלינגען. ער איז נאָך יונג, ער וויל בלײַבען בײַ זײַן גלויבען, בלײַבען א גאַנצער ציוניסט. און

דערפאר אנטלויפט ער קײן גליל.

ביסלעכװײז, ביסלעכװײז איז פאר מיר קלאר געװארען א אײגענארטיגע ערשײנונג: שװײגער איז מקנא דאס אראבישע לעבען. דאס לעבען פון די אראבער איז פאר איהם געװארען א סימבאל, א אידעאל, דאס העכלסטע און בעסטע אין לעבען. װאס פאר א פרײהײט! װאס פאר א ברײטקײט! װאס פאר א בערג־הױכקײט! װיפיעל קראפט און אײגענװירדע! װאס פאר א געפיהל פון אײגענעם יחוס!

אויף יענעם װעג האבען מיר געטראפען א הײם־אראביש פערדעל. בערעל האט זיך באלד ארויפגעכאפט אויף איהם און געמאכט פאר אונז „פאנטאזיעס“ אויפן אראבישען שטײגער.

בערעלע האט געבענקט נאכ'ן אראבישען לעבען. דאן, װען מיר זענען געגאנגען פון פתח־תקוה קײן יפו, האט ער נאך ניט געװאוסט, װי אזוי ער װעט פערװירקליכען זײן שטרעבונג. אבער די שטרעבונג האט שוין אין איהם געלעבט און פונאנדערגעװאקסען זיך; א אונקלארער בעגעהר נאך א אונבעקאנטען לעבען, נאך געהײמע בעצױבערענדיגע אילוזיעס זענען געװארען א הויפט־פאקטאר, א עלעמענטארע קראפט אין זײן כאראקטער.

און שטארק װי דער טויט איז די אילוזיע. אײן ציעל האט ער זיך פארלויפיג געשטעלט: אין גליל װעט ער װערען א שומר אדער א פאסטוך.

און שפעטער? דער הויפט־ציעל?

דא שװײגט דער טרוימער. װאס שפעטער װעט זײן װײס ער ניט. דער הויפט־ציעל איז געװען פערהילט אין א נעבעל.

און ער איז טאקע געװארען דער ערשטער יודישער שומר.

יענע צײט איז געװען א שלעכטע, א צײט פון צרות און רײסערײען מיט די אראבישע שכנים. איך, אלס כעקרעטאר פון דער פארם „כנרת“, בין געװען פון די ערשטע, װאס האבען דערפיהלט, אז מיר האבען זיך צו ריכטען אויף אומגליקען. כ'האב זיך געװענדעט מיט א בריעף צום „החורש“, האב פערעפענטליכט א בריעף אין „הפועל הצעיר“ — האבען מיך מײנע חברים אין סעדזשערא אויסגעלאכט. בעזונדערס האט זיך געשטארקט די שנאה פון די אראבער צו מסחה, צו דער שעהנער קאלאניע, װאס ליגט צופוסענס פון בארג תבור. און דאס מאל איז װירקליך געשעהען עפיס אונגעװעהנליכעס. דאס מאל האט זיך די יודישע קאלאניע ניט חערנידריגט, זי האט ניט משחד געװען די, װאס האבען די מאכט, נאר זי האט זיך בעװאפענט, כדי צו פערטײדיגען איהר פערמעגען און איהר כבוד. אלע קאלאניעס פון אונטערשטען גליל האבען זיך בעטײליגט אין דעם דאזיגען זעלבסט־שוץ. אפילו פון דער װײטער „כנרת“ זענען אנגעקומען זעקס ארבײטער צוזאמען מיט'ן פערװאלטער פון דער פארם.

דער גאנצער ענין פון זעלבסט־שוץ, אין װעלכען ס'האבען זיך בעטײליגט סײ ארבײטער, סײ קאלאניסטען, איז איבערגעגעבען געװארען דעם יונגען בערעל שװײגער. און מ'מוז מודה זײן: ער האט עס גלענצענד ארגאניזירט. זײן צײטװײליגע דירה איז געװען די שולע פון דער קאלאניע. דארט האט ער די פערטײדיגונג דערהויבען צו א גאנצען סיסטעם פון טאקט און געשיקטקײט. די יודען האבען געזיעגט.

און איצט — איצט האָט דער יונגער און אײדעלער בערעל געפֿונען זײַן רוה אויפֿן בית־עלמין אין טבריה.

שטאַרק ווי דער טויט איז די אילוזיע.

* * *

ישראל קאָרנגאָלד איז געווען אַ אַנדערער, גאָר אַ אַנדערער מענש ווי שוויגער. ער איז געווען אַ מענש אָהן אילוזיעס. בערעלע איז געקומען קײן ארץ־ישראל אַ זיבעצעהן־יעהריגער בחור, ישראל איז געקומען אין לאַנד שוין נאָך אַלעמען, שוין נאָך דעם, ווי אַלע זײַנע אידעאַלען אין רוסלאַנד זענען חרוב געוואָרען; בערעל'ס הארץ איז געווען אַ אָפֿען בוך, און ישראל'ס הארץ — פֿערשלאָסען און פֿערזיגעלט. אַ גאַנצער באַרג מיט שטאַרקער ביטערקײַט און פֿינסטערען יאוש האָט זיך בײַ איהם דאָרט אָנגעקליבען.

ער איז אָבער געווען אַ כאַראַקטער. אײַזען־שטאַרק גײַסטיג און קערפּערליך. קײַן ערלעזונג האָט ער אפילו ניט געפֿונען ניט אין זײַן ארבײַט, ניט אין דער העברעאישער ליטעראַטור, בײַ וועלכער ער האָט פֿערבראַכט זײַן פֿרײַע צײַט, און איך האָב מורא, אַז אויך ניט אין דער פּאַרטײַ „פּועלי־ציון“, צו וועלכער ער האָט געהערט. אָבער דאָס לאַנד בכלל איז פֿאַר איהם געווען ווי אַ פֿרישער טוי אויף אַ טרוקענעם באָדען. מיט פֿעלד האָט אָנגעהויבען צו שמעקען פֿון איהם...

בערעל מיט אילוזיעס, און ישראל אָהן אילוזיעס — וואָס איז דען דער חילוק?

* * *

גרויס איז געווען דער וועהטאָג, ווען כ'האָב פּלוצלינג דערהערט וועגען די דאָזיגע פֿרישע קברים. דאָס געפֿיהל פֿון אַ פֿרײַנד האָט זיך אין מיר דערוועקט און האָט ביטער בעקלאָגט די פֿרישע יונגע בוימער, וואָס זענען אַזוי פֿריה־צײַטיג פֿערשניטען געוואָרען. נאָר כ'בין זיך מודה: ביסלעכווײַז, ביסלעכווײַז האָט זיך אויסגעוועבט דער צער, ער איז צוגאַנגען און פֿערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ שטילען טרויער...

גוט איז דעם מענש, וואָס די קויל האָט איהם געטראָפֿען אין דער יוגענד, בײַם אויפֿבליהען, אין סאַמע מיטען פֿון זײַן גאַנצקײַט, אין דער ערשטער פֿרישקײַט פֿון זײַן גלויבען. דער גורל פֿון ר"ש בן גבירול איז ניט ערגער פֿאַר'ן גורל פֿון ר' משה הסלח. ניט אויף לאַנגע יאָהר איז גליק און שעהנקײַט.

וואויל איז צו דעם, וואָס זײַנע טעג זענען געצעהלטע.

נאָר ווען כ'הער ווי מענשען דיסקוטירען און היצען זיך וועגען נײַע לענדער, טראַכט איך מיר: ווי מאָדנע די מענשען זענען, זיי ווײַסען גאָרניט, ווי נישטיג אונזערע כוחות זענען, כדי צו בעזעצען ווייסטע לענדער און וויפֿיעל כוחות מיר האָבען שוין פֿערטהון אין דעם דאָזיגען לאַנד.

„ווען די יודען וואָלטען געקומען אהער און דערזעהען אַט די דאָזיגע הערליכקײַט, וואָלטען זיי דען זיך געקאָנט אָבזאָגען פֿון דעם?“ — דאָס זענען די לעצטע ווערטער, וואָס כ'האָב געהערט פֿון בערעל'ען. ווען ער האָט געזאָגט די דאָזיגע ווערטער זענען מיר בײדע געלעגען אויסגעצויגען אויף די קלײנע ווײַסע שטײנדעלעך בײַם ברעג פֿון ים כנרת, אַנטקעגען די בערג פֿון גל־עד...

# שמעון מלמד.

דער פערשטאָרבענער האָט פערבראַכט אין לאַגר אַ פּאָר יאָהר אַלס סטאָלאַר אין דער פאַרם סעדזשערא. ער האָט זיך אָבער ניט געקאָנט בעפריעדיגען מיט זיין ארבייט און ער האָט געשטרעבט צו ווערען אַ ערד⸗ארבייטער. דאָס לעצטע יאָהר איז ער ענדליך אָנגענומען געוואָרען דורך דער אדמיניסטראַציע און איז געוואָרען אַ קאָלאָניסט⸗אַרענדאַטאָר ביי יק״א אין דער קאָלאָניע סעדזשערא.

כ״א ניסן, דעם לעצטען טאָג פסח ה׳תרס״ט, האָבען אראַבער גע׳הרג׳עט דעם ארבייטער ישראל קאָרנגאָלד אין סעדזשערא. זיינע חברים האָבען זיך אוועקגעלאָזען נאָכיאָגען די מערדער. צווישען די נאָכיאָגער איז געווען אויך שמעון מלמד. נאָהענט צו דער קאָלאָניע האָט פון הינטער אַ פלויט געשאָסען אויף איהם אַ אַראַבער און איהם דער׳הרג׳עט. שמעון מלמד האָט איבערגעלאָזען אַ פרוי מיט אַ קינד.





**יעקב פלאָטקין,**

א סוחר פון פאָלטאַווא. ער איז עטליכע מאָל פערוואונדעט געוואָרען ביי אַראַבישע אָנפאַלען. דאָס לעצטע מאָל איז ער שטאַרק פערוואונדעט געוואָרען פסח ה׳תרס״ט, רייטענדיג פון סעדזשערא קיין טבריה. געשטאָרבען איז ער אין שפּיטאָל אין חיפה אין ה׳ כסלו התר״ע.

א. ז. ראבינאוויטש.

# יעקב פּלאָטקין.

יעקב פּלאָטקין איז אין משך פֿון אַ סך יאָהרען געוועזען אַ אָנגעזעהענער סוחר אין דער שטאָדט פּאָלטאַווא, אין אוקראַאינאַ, און אַ פֿליסיגער כלל־טהוער אין אַלע געזעלשאַפֿטליכע ענינים. עס איז ניט געווען קיין ארבייט אין ווייכטיגע פּאָסירונג אין יודישען לעבען אָדער אין דער פּאָלטאַווער קהלה, אַז פּלאָטקין זאָל זיך אין איהר ניט בעטהייליגען מיט זיין געלד און מיט זיין מיה. און זיין ארבייט איז שטענדיג געווען אַ פּראַקטישע. אין דער תלמוד־תּורה און אין שפּיטאָל, אין ציוניזם און אין פֿעראיין פֿאַר גלייכבערעכטיגונג, אין זעלבסט־שוץ — אומעטום איז פּלאָטקין געווען בראש. בעזונדערס האָט ער זיך אויסגעצייכענט מיט זיינע אָרגאַניזאַטאָרישע פֿעהיגקייטען איינצואָרדנען פֿערווייליגען צום צוועק פֿון אגיטאַציע פֿאַר וועלכען עס איז גוטען געדאַנק. ווען דאָס איז נויטיג געווען האָט ער פֿון קיין רוה ניט געוואוסט און ער פֿלעגט אויך אנדערע ניט לאָזען רוהען. זיין ענערגיע האָט ממש ניט געהאַט קיין גרענין. ער האָט אויך געקענט די העברעאישע ליטעראַטור, האָט זי ליעב געהאַט און האָט זיך אויך בעמיהט זי בעליעבט צו מאַכען ביי אנדערע.

און אַט דער מענש האָט פֿערלאָזען זיין שטאָדט, אין וועלכער ער איז געוועזען בעליעבט און געעהרט און האָט זיך געלעבט אַ לעבען פֿון אַ פֿערמעגליכען יוד, און איז געקומען קיין ארץ־ישראל. זיין צוועק איז געוועזען זיך צו קאָלאָניזירען, נאָר קענענדיג גוט די לעבענס־בעדינגונגען פֿון לאַנד, האָט ער בעשלאָסען פֿריהער צו ווערען אַ פּשוט'ער ארבייטער.

ער האָט געוואוסט, אַז שווער, זעהר שווער איז דאָס לעבען פֿון אַ ארבייטער, און דאָך האָט ער מיט ליעבע און שמחה זיך גענומען דערצו, הגם ער האָט שוין אָבגעלעבט דריי און פֿערציג יאָהר אַ גאַנץ אנדער לעבען, אין אנדערע בעדינגונגען.

ער איז געקומען קיין רחובות און האָט דאָרט געארבייט אין וויין־קעלער פֿאַר צעהן טאַלער אַ טאָג, ער איז אָבגעקומען מיט אַ שטיק ברויט מיט גרינס און מיט אַ ארבעס־געקעכטס, וואָס ער האָט זיך אליין אָנגעגרייט. זיין העמד פֿלעגט ער אויך אליין וואַשען.

ער האָט ארויסגעוויזען זיין פֿעהיגקייט זיך צוצופּאַסען צום לעבען פֿון די אָרעמע מאַסען, צו בעגנוגענען זיך מיט אַ קליינעם פֿערדיענסט און אָנגענעהם צו מאַכען דאָס לעבען אויף וויפֿיעל ער האָט דאָס געקאָנט דורך זיין בקיאות אין אַלע מלאכות, פֿון מענער ווי פֿון פֿרויען.

פֿון רחובות איז ער אוועק קיין גליל און איז געקומען קיין סעדזשערא, וואו ער האָט געארבייט אַלס ארבייטער ביי דער אדמיניסטראַציע פֿון יק"א און האָט זיך ניט אָבגעזאָגט פֿון קיין שום שווערער ארבייט.

און ווען די קאָלאָניעס האָבען געדאַרפֿט שוץ, האָט זיך פּלאָטקין ווידער געשטעלט אין דער שפּיץ פֿון די פּיאָנערען. ווען מ'האָט געדאַרפֿט צום ערשטען מאָל ארויסגעהן אַקערן דעם באָדען פֿון אום־איל־דזשעבעל איז אויך פּלאָטקין געגאַנגען צווישען אנדערע ארבייטער, און די אראַבער האָבען איהם שווער פֿערוואונדעט. אַז ער האָט זיך שוין געהאַט אויסגעהיילט פֿון די וואונדען זענען ווידער אראַבער אויף איהם אָנגעפֿאַלען און איהם פֿערוואונדעט און ער איז אַ לאַנגע צייט

געלעגען קראנק.

און ווען מ'האט דערהערט ביי נאכט, אז אראבער פאלען אן אויף די קאלאניע האט מען געזעהען, ווי פלאטקין שטעהט מיט פערבאנדאזשירטע וואונדען און מיט דער ביקס אין דער האנד.

ער איז געזונד געווארען און האט געהאט בדעה זיך צו בעזעצען אין דער קאלאניע אלס קאלאניסט. די אדמיניסטראציע האט זיך צו איהם גינסטיג בעצויגען און איהם געגעבען גוטע האפנונגען, אבער שפעטער האט זי חרטה בעקומען (ווייל ער איז שוין אלט). ער האט דערפון געהאט גרויס עגמת=נפש און אין די לעצטע צוויי חדשים פלעגט ער זיין זעהר טרויעריג, ווייל די וואונדען האבען איהם אבגעשוואכט און דערצו נאך זענען זיינע האפנונגען זיך צו קאלאניזירען אבגענארט געווארען.

און אט איז אין ה' כסלו אנגעקומען די בשורה, אז די אדמיניסטראציע האט בעשלאסען איהם צו קאלאניזירען. די בשורה איז אבער געקומען אביסעל צו שפעט.... יענעם טאג איז פלאטקין געשטארבען.

א דאנק זיינע גוטע פעהיגקייטען וואלט פלאטקין אויך אין ארץ=ישראל געקאנט זיך לעבען גוט און רוהיג. ער איז געווען א אויסגעצייכענטער בוכהאלטער, א זעלטענער אדמיניסטראטאר, ער האט אבער געשטרעבט צו דער אויפלעבונג פון זיין פאלק, און די אויפלעבונג פון א פאלק איז מעגליך נאר דורך ארבייטער. און צוליב דעם האט פלאטקין מקריב געווען זיין לעבען.

---

י. בן=צבי.

# זכרונות.

עס איז געווען אין אווענד אין בית=המדרש, אין איינער פון די דרום=שטעדט. און די צייט — א העלדען=צייט, די טעג פון רעוואלוציע, פאגראמען און זעלבסט=שוץ.

דער בית=מדרש איז פול מיט יונגע לייט און מיידלעך; זעלטען וואו זעהט מען יוד מיט בערד. ביי דער טהיר פון פאליש שטעהען צוויי הויכע בחורים און היטען דעם ארייננאנג. זייערע בליקען דריקען אויס ערנסטקייט און דאס בעוואוסטזיין פון דער וויכטיגקייט פון זייער אויפגאבע.

פון צייט צו צייט עפענט זיך אויף די טהיר, און די וואך לאזט אריין איינציגווייז נייע מענשען. די אנגעקומענע געהען שטילערהייט: מ'דארף זיין זעהר פארזיכטיג, ווייל די שטאדט איז אין קריעגס=צושטאנד, און די קאזאקען, וואס רייטען ארום איבער די גאסען, ערפילען געטריי זייער חוב און געבען אכטונג, אז די „ארדנונג" זאל ניט געשטערט ווערען.

א קליין לעמפעל פערשפרייט א דונקעל ליכט איבער'ן בית=מדרש. עטליכע יונגע לייט רינגלען ארום ריזהען=ווייז די בימה — דאס זענען די „צעהנדליגער" פון זעלבסט=שוץ. דער איבעריגער עולם שטעהט ארום זיי און הערט זיך שטיל צו צו די רעדעס.

שטיל האבען די רעדנער גערעדט — וועגען דער סכנה, וועגען די מיטלען צו פערמיידען דאס אומגליק, וועגען זעלבסט=שוץ. די פערזאמעלטע האבען זיך

אויפֿמערקזאם צוגעהערט. צײַטענווײַז האָבען זיך געטראָגען פֿון גאס הילכיגע קלאנגען פֿון פֿערדישע קאָפּיטעס — דאָס זענען דעם קײזער'ס רײַטער, וואָס לויערען איבער די גאסען — און דאן פֿלעגען די רעדעס אויף א ווײַלע איבערגעריסען ווערען; א זאָרג פֿלעגט זיך בעווײַזען אויף אלע געזיכטער, די חברים פֿון זעלבסט-שוץ פֿלעגען אויפֿוואכען, ווי מענשען, וואָס גרייטען זיך צו א אטאקע.

א שווערער וואָלקען האָט געשוועבט איבער אלעמען.

פּלוצלינג האָט א מאַן פֿון א יאָהר פֿערציג זיך דורכגעבראָכען א וועג צווישען די חברים פֿון זעלבסט-שוץ און איז ארויף אויף די בימה. פֿערוואונדערט זענען געוואָרען די יונגע, דערזעהענדיג דעם גוט בעקאנטען „בירגערליכען ציוניסט", יעקב פלאָטקין!

דאָס קול פֿון רעדנער איז הייזעריג, זײַן רוסיש—פֿערגרײַזט. אָבער דאָס פּנים זײַנס—פֿלאם, און די אויגען—פֿײַער.

— איך בין שטענדיג געווען געגען אונזער אָנטייל-נעמען אין דער רעוואָלוציע — האָט ער אָנגעהויבען — אָבער איין זאך האָב איך אין אײַך שטענדיג רעספּעקטירט, מײַנע יונגע חברים: אײַערע מעשים זענען ניט סותר אײַערע ווערטער. איך האָב אײַך דערפֿאר שטענדיג מקנא געווען און איך פֿלעג מיר תמיד טראכטען: ווען וועט שוין קומען דער טאָג, ווען איך וועל אויך קאָנען ארויסווײַזען מײַן איבערגעגעבענהײַט צו מײַן פֿאָלק! און איצט, אז מיר האלטען דערבײַ — וועל איך בלײַבען שטעהן פֿון דערווײַטענס? בײַ מײַן לעבען, און בײַ אלץ, וואָס איז מיר הייליג, שווער איך: צוזאמען מיט אײַך, אלע ווי איינער וועלען מיר שטארבען אויפֿן שלאכט-פֿעלד; מיר וועלען זיך ניט לאָזען פֿיהרען ווי שאָף צו דער שחיטה, און ווען דער טײַוועל וועט אָנפֿאלען אויף אונזערע ברידער, וועלען מיר ניט שטעהן פֿון דערווײַטענס...

און דער רעדנער האָט אויפֿגעהויבען זײַן רעכטע האנד. א הייליגער ציטער האָט דורכגענומען דעם עולם. פֿערגעסען די גרויסע סכנה, דעם קריענס-צושטאנד, און פֿון אלעמענס הערצער האָט זיך ארויסגעריסען:

— מיר שווערען! מיר שווערען!

* * *

צוויי יאָהר זענען אריבער.

א זומערדיגער פֿריה-מאָרגען אין איינער פֿון די קאָלאָניעס אין יהודה. עס האָט א קלונג געטהון דער גלאָק — די צײַט פֿון פֿריהשטיק איז געקומען. נעבען דער קאָלאָניע האָבען זיך בעוויזען עטליכע ארבײַטער, וואָס אײלען זיך צו „כאפּען א ביס".

איך האָב געפֿרעגט, וואו וואוינט דאָ מײַן פֿרײַנד. מ'האָט מיר אָנגעוויזען אויף א קליין חדר'ל. די טהיר איז געווען פֿערמאכט, אָבער ניט פֿערשלאָסען. באלד וועט ער קומען מיט זײַנע צוויי זיהן עסען פֿריהשטיק.

איך בין ארײַן: צוויי-דרײַ הילצערנע נאפֿט-קעסטלעך, אויף דער פּאָליצע אין א ווינקעל שטעהט א קליינע ספּירט-מאשינקע און נעבען איהר פֿערשידענע כלים. א טיש, א פּאָר בעטען פֿון האָלץ-קעסטלעך, אלץ ווי בײַ די קאָלאָניע-ארבײַטער.

אין א מינוט ארום זענען זיי געקומען: ער און זײַנע צוויי זיהן. ער איז זעהר פֿערעלטערט געוואָרען, דאָ און דאָרט האָבען זיך שוין בעוויזען גרויע האָר; זײַן

פנים איז געווען מיער, אָבער אַ בעזונדערער יוגענד־גייסט שוועבט אויף איהם. נאָך די בעגריסונגען האָבען מיר אָנגעהויבען צו שמועסען.

— צי איך בין צופֿריעדען? ווי קאָן דאָס גאָר אַנדערש זיין? יאָ, איך בין צופֿריעהען, וואָס איך האָב פֿערווירקליכט מיין „פּראָגראַם“; איך אַרבייט. איך און מיינע צוויי זיהן. איינעם האָב איך אַרויסגענומען פֿון אַ שלאָסער־שולע און דעם אַנדערען — פֿון „עקסטערנעריי“, איצט אַרבייטען מיר אַלע. פֿריהער האָב איך וועניגער פֿערדיענט — איך האָב געאַרבייט אין ווייַנגערטנער; אָבער איצט האָב איך אַ שטענדיגען פּאָסטען אין וויין־קעלער אויף דער צייט פֿון „וואַנדראַזש“, מיינע זיהן אַרבייטען אין באַיאַרעס. וואָס איך קלער צו טהון? איך וויל געהן קיין גליל — די אַרבייט ביי די פּלאַנטאַציעס בעפֿריעדיגט מיך ניט... אַ קאָלאָניסט וויל איך זיין, אַ פּראָסטער פֿעלאַר, איך און מיינע זיהן. ניט אַזוי, בחורים? און גיכען וועל איך אַהערבּרענגען מיין ווייב און מיין טאָכטער מיט'ן איבעריגען קליינוואַרג. איך דאַרף נאָר ליקווידירען מיינע געשעפֿטען, וואָס זענען דאָרט געבליבען...

און ער האָט אָנגעהויבען מאָהלען פֿאַר מיר זיינע האָפֿנונגען און חלומות.

פֿאַרנאַכט האָב איך איהם בעזוכט אין וויין־קעלער. מיר זענען געזעסען אינאיינעם און דערמאָהנט זיך אָן אַמאָליגע יאָהרען, יאָהרען פֿון זעלבסט־שוץ און רעוואָלוציע, אָן די טיעפֿע יסורים און בעגייסטערטע מאָמענטען, וואָס זענען אַריבער...

פֿון דער פֿערגאַנגענהייט זענען מיר אַריבער צו דער צוקונפֿט, און מיין פֿריינד האָט מיר ווייטער געמאָהלט דאָס בילד פֿון זיין קומענדיגען לעבען, ווען ס'וועט צו איהם קומען זיין גאַנצע פֿאַמיליע און ער וועט זיך איינאָרדנען אַלס אַ קאָלאָניסט אַליין פֿאַר זיך, דאָרט, אין געבענשטען גליל...

די ארץ־ישראל־זון האָט געשיקט צו אונז איהרע אָבשיעדס־שטראַהלען און האָט בעלויכטען דאָס פנים פֿון מיין פֿריינד, וועלכער חלומ'ט אויף דער וואָהר. אין זיינע אויגען האָט זיך אַ יוגענד־פֿייערל אָנגעצונדען און זיין קול ווערט אַלס שטאַרקער און שטאַרקער.

איך האָב איהם געפֿרעגט, צי איז דאָס ריכטיג וואָס מ'זאָגט, אַז ער האָט געהאַט צו קאָלאָניזירען זיך. אָבער ער האָט זיך צולאַכט, און פֿערקאַטשענדיג דעם אַרבעל פֿון זיין מיט סאַזשע בעשמוצטען אָרעם, האָט ער אָנגעוויזען אויף זיינע צוויי זיהן, וועלכע האָבען זיך פֿון דערווייטענס אַרומגעדרעהט איבער'ן הויף:

— אָט דאָס איז מיין גאַנץ פֿערמעגען!

* * *

אין אַ האַלב יאָהר אַרום.

פֿאַרנאַכט, אַ טאָג פֿאַר פסח בין איך געקומען אין אַ פֿאַרם אין גליל.

מיין פֿריינד האָט געאַרבייט אין יענער פֿאַרם. זיין וואוינונג איז געווען נאָהענט בײַם גרויסען הויף פֿון „כאַן“. ווען איך בין צוגעגאַנגען צו זיין דירה, איז מיר אַרויס אַנטקעגען זיין ווייב. איך האָב זי קוים דערקענט: זי איז אַראָב פֿון פנים, איהרע אויגען זענען געווען רויטלעך. ביי די הענד האָט זי געפֿיהרט אַ קליין מעדעלע. די פֿרוי האָט מיך פֿערבעטען אין שטוב אַריין.

— ערשט אַ וואָך, ווי איך בין אַראָב פֿון דער שיף. מאָרגען איז שוין יום־טוב,

**און איך האָב נאָך גאָרניט אַנגעגרייט, און די דירה...**

איך האָב בעטראַכט דאָס צימער: קליין און ענג, ניטאָ וואו זיך אַ קעהר צו טהון. אויף דער נאַסער פּאָדלאָגע זענען אין אַ מיש־מאַש אַנגעוואָרפֿען פֿערשיעדענע כּלים. איך בין, ווייזט אויס, געקומען אין רעכטען מיטען פֿון די הכנות צום יום־טוב. אַ יונג מיידעל האָט אויפֿגערוימט דאָס הויז, געוואַשען די כּלים. זי האָט מיך דערקענט און זיך אַביסעל פֿערשעהמט, וואָס איך האָב זי געטראָפֿען ביי דער אַרבייט. אַ סך צו רעדען איז געווען איבעריג. דאָס פּנים פֿון דער פֿרוי האָט שוין אַליין דערצעהלט. איהרע צוויי זיהן, וואָס זי האָט אויפֿגעצויגען — וואָס איז פֿון זיי געוואָרען! וויפֿיעל האָט זי געהאָרעוועט, וויפֿיעל צער האָט זי איבערגעלעבט צוליעב זיי און וויפֿיעל האָפֿנונגען האָט זי אַרויפֿגעלעגט אויף זיי. קינדער געבענשט מיט טאַלאַנט זענען זיי, בעזונדערס דער עלטערער... איצט איז זיין פּנים געוואָרען דונקעל און פֿערברענט... זי האָט געהאָפֿט צו מאַכען פֿון זיי לייט, אויב ניט דאָקטוירים, וועלען זיי לכל הפּחות ענדיגען גימנאַזיע. איצט, לויט'ן ווילען פֿון זייער פֿאָטער, זענען זיי געוואָרען איינפֿאַכע פּויערען. און די טאָכטער! צי האָט זי דען פֿערבראַכט יאָהרען אין גימנאַזיע, כּדי דאָ צו ווערען אַ פּויערטע? און „ער" אַליין: וואו איז דאָס געהערט געוואָרען, אַז אַ מענש זאָל אויף די עלטערע יאָהרען גאָר פּלוצלינג ווערען אַ „פֿעלאַך"?... דער מענש רעכענט זיך ניט מיט זיין פֿאַמיליע, ער האָט אויף זיך אַליין אויך קיין רחמנות ניט — האָט זי ווייטער געזאָגט מיט טרעהרען אין די אויגען — מסתּמא האָט איהר געהערט פֿון די וויאונדען, וואָס ער האָט בעקומען פֿון די אַראַבער אויפֿן וועג... ער איז נאָך איצט אויך ניט אינגאַנצען געזונד, הגם ער בעהאַלט דאָס פֿון אַלעמען, אפילו פֿון מיר...

טרעהרען האָבען זיך איהר געשטעלט אין די אויגען, קוים וואָס זי האָט זיך איינגעהאַלטען פֿון וויינען...

„ער" איז אַריין. ער האָט זיך אַביסעל פֿערענדערט זייט דער צייט, וואָס איך האָב איהם צום לעצטען מאָל געזעהען, זיין פּנים איז פֿערברענט געוואָרען פֿון דער זון, זיינע האָר זענען גרויער געוואָרען. ער איז פֿריהצייטיג פֿערעלטערט געוואָרען. אָבער דאָס פֿייערל אין זיינע אויגען האָט זיך ניט אויסגעלאָשען. זיין בליק איז געבליבען מונטער און פֿריש.

— האָסטו שוין געזעהען מיין פֿאַמיליע? ביי אונז איז נאָך אַ גרויסער מיש־מאַש, אַ אונאָרדנונג, און דאָ קומט אָן דער יום־טוב. מיר האָבען נאָך ניט קיין שטענדיגע דירה; מיט גרויס מיה האָב איך חערוויל געפֿונען דאָס קליינע צימער. אַלע אַרבייטער וואוינען אין הויף, פֿינף־זעקס אין אַ צימער, און די גאַנצע צייט האָב איך מיט זיי געוואוינט. איצט האָב איך צוליעב מיין פֿאַמיליע ווי עס איז בעקומען דעם חדר, אָבער עסען וועלען מיר יום־טוב אינאיינעם, אין דער אַלגעמיינער קוך, דאָרט וועלען מיר אָבריכטען דעם סדר, אַלע צוזאַמען...

אין זיינע ווערטער האָט זיך געפֿיהלט אַ אינערליכע שמחה, אַ בטחון, אָהן אַ שאָטען פֿון יאוש, פֿון ענטטוישונג.

— קום מיין טאָכטער, און גיב מיר וואַסער!

ער האָט אָבגעוואַשען דאָס פּנים און די הענד.

מיט אַ בעזונדערער שמחה האָט מיר מיין פֿריינד דערצעהלט, אַז זיינע האָפֿנונגען וועגען קאָלאָניזירען־זיך וועלען אין גיכען פֿערווירקליכט ווערען, ער האָט שוין אפילו אַ הבטחה פֿון דער אַדמיניסטראַציע, אַז בקרוב וועט מען איהם

געבען א „סאלאניזאציע“, און מיט אונגעדולדווארט ער שוין אויף יענעם טאג...

די פרוי און די טאכטער האבען זיך אויפמערקזאם צוגעהערט צו זיינע רייד. די פרוי האט זיך א ביסעל בערוהיגט, אבער דער אונצוטרוי האט זי נאך אלץ ניט פערלאזען.

— ווייסטו — האט מיין פריינד פלוצלינג מיט בעגייסטערונג זיך געווענדעט צו מיר — דער היינטיגער טאג איז דער גליקליכסטער אין מיין לעבען. שטעל דיר פאר: כ'האב געאקערט מיט א פאר אקסען, איך און מיינע צוויי זיהן נעבען מיר... מיר האבען געארבייט, זאג איך דיר, ווי אמת'ע קאלאניסטען. פלוצלינג — און אט די טאכטער מיינע איז אנגעקומען פון חערוויטענס, און אין דער האנד האלט זי דעם פריהשטיק פאר אונז.. מיר האבען אבגעשטעלט די ארבייט, און אזוי זענען מיר געשטאנען ביי די אקסען מיט'ן אקער-אייזען: דריי יודישע פעלאכען און א פעלאכקע...

ער האט ליעבליך א גלעט געטהון זיין טאכטער איבער'ן קאפ און אין זיינע אויגען האבען זיך אנגעצונדען פונקען פון אמת'ער שמחה:

— דער גליקליכסטער טאג אין מיין לעבען — פון איהם האב איך דאך געחלומ'ט דאס גאנצע לעבען מיינס!

---

א שרעקענס-נאכט איז געווען די פסח-נאכט. גאר פלוצלינג, פארנאכט, איז פערשטערט געווארען דער יום-טוב. מיר האבען ערווארט א אנפאל פון די שכנים. אלע ארבייטער זענען ארומגעגאנגען גרופען-ווייז אין הויף און פאר'ן טויער און האבען זיך געשושקעט. די שומרים, די רייטער ווי די פוס-געהער, זענען געשטאנען אויף זייער וואך, די רעוואלווערען און די ביקסען גרייט. אן חעם סדר האט מען אינגאנצען פערגעסען. א שווערער-שווערער וואלקען האט זיך געטראגען אין דער לופט און האט געדריקט אויף די הערצער. און א געפיהל פון פערביטערונג געגען דאס אונבעוואוסטע האט געהערשט אומעטום.

— רבותי — האט א בעקאנטע שטים מיט א מאל איבערגעריסען די שטילקייט — פאר וואס געהט איהר ארום ווי אבלים, דער יום-טוב קומט דאך שוין אן, און וואס וועט זיין מיט אונזער „סדר“?

און זיינע איינפאכע ווערטער האבען געמאכט א שטארקען איינדרוק, א שארך איז ארורך דעם עולם, אלע האבען זיך ווי פערשעהמט פאר זייער שוואכקייט.

מיין פריינד איז אריין אין די קוך, וואו דער סדר האט געזאלט אבגעריכט ווערען. נאך איהם זענען געקומען איינזיגע ארבייטער. מ'האט אנגעהויבען צו בעפוצען די ווענד מיט צווייגען און מיט בלומען, אויסצושטעלען די טישען, אנצוצינדען די ליכט. מיין פריינד איז געווען דער הויפט-ארדנער. פלינק און געשיקט האט ער געטהון זיין ארבייט. נאך א פאר מינוט — און דאס בעקאנטע פאלקס-ליעדעל האט זיך געטראגען פון דארט: „יה חי לי לי, יה עמלי!“.

די ארבייטער האבען זיך אנגעהויבען צוזאמענצוקלויבען אין דער קוך און מיטגעהאלפען צו מאכען יום-טוב. אין שטוב איז געווארען ליכטיג, ס'איז געווארען לעבעדיג און דאס ליעד ווערט שטארק און הילכיג.

און די שטים פון מיין פריינד קלינגט וואס אמאל שטארקער: יה חי לי לי, יה עמלי!

דער שווערער וואלקען האט זיך ביסלעכווייז צושטרייט...



## אברהם יוסף באַראַל.

געקומען פון ראָוונאָ. ער איז געווען אַ שומר און איז געפאַלען פון אַ געהיימער קויל שטעהענדיג אויף דער וואַך אין דער קאָלאָניע סעדזשעראַ, כ"ה אייר ה'תר"ע (1910).

---

אליהו קאַמענעצקי.

# זכרונות.

אברהם יוסף באראל האָט געהאַט אַ גליקליכע קינדהייט. קיין שום זאַך האָט איהם ניט געפֿעהלט. איין־און־איינציג איז ער געווען ביי זיין מוטער, וועלכע האָט אויף איהם ארויפֿגעלעגט גרויסע האָפֿנונגען. בעזונדערס נאָכדעם, ווי ער האָט בעקומען היתר־הוראה. אלע האָבען אויף איהם אין שטעדטעל געטייטט מיט די פֿינגער און געזאָגט: ער וועט זיין אַ גאון!

איינמאָל קומט ער צו צו זיין מוטער און זאָגט: איך פֿאָהר קיין ארץ ישראל.

— וואָס איז, מיין קינד, קאָנסטו דען דאָ ניט ווערען רב, וואָס דו פֿאָהרסט קיין ארץ ישראל? נאָר איין וואָרט דאַרפֿסטו ארויסזאָגען און מ'מאַכט דיך פֿאַר אַ רב אין אונזער שטעדטעל.

— ניין, מאַמע, איך פֿאָהר ניט קיין ארץ ישראל, כדי דאָרט צו ווערען רב, איך וויל דאָרט בעאַרבייטען די ערד. מאַמע, ס'האָט זיך מיר שוין דערעסען דאָס שענדליכע לעבען פֿון אַ וואַנדערער. איך וויל לעבען דאָרט! דאָרט וויל איך לעבען!

און ער איז געפֿאָהרען.

אַ אָנגעזעהען אָרט האָט ער פֿערנומען צווישען די ארבייטער־רייהען. אַלע האָבען איהם ליעב בעקומען. אומעטום, וואו ער איז געקומען, פֿלעגט ער מיט זיך מיטבריינגען עפּיס אַ וואָרעמקייט. אַ שטראָם פֿון פֿרישען לעבען האָט ער אריינגעבראַכט אין זיין סביבה; און דער שטראָם האָט געפֿלאָסען און פֿערטריבען די פֿערצווייפֿלונג פֿון דער סביבה און האָט ניט געלאָזען אריינדרינגען אין איהר קיין פֿערצווייפֿלונג פֿון דרויסען. ער האָט געשטרעבט צו לעבען, צו אַ לעבען פֿון פֿרייהייט און האָט אויך אנדערע מיטגעריסען מיט זיך.

ער האָט זיך געקויפֿט אַ שטיקעל ערד און האָט זיך געטראַכֿט: איך וועל מיר אויפֿבויען אַ הויז און עס ארומרינגלען מיט אַ גאָרטען מיט פֿערשידענע בלומען. ער האָט אַזוי שטאַרק ליעב געהאַט בלומען! שבת נאָכֿמיטאָג פֿלעגט ער גאַנצע שעה'ן ארומשפּאַצירען אויף זיין שטיקעל ערד און בויען פּלענער: דאָ וועט שטעהן דאָס הויז, דאָ — דער גאָרטען, דאָרט, אונטען — אַ ביסעל מאַנדלען, פּאָמעראַנצען, בלומען. אַלץ, אַלץ וועט ביי איהם זיין ווי געוואונשען. און דאַן — אָך, דאַן! — ווער וועט זיך קאָנען צו איהם גלייכֿען! דאַן וועט ער שיקען נאָך זיין מוטער און נאָך זיין כלה, מיט וועלכֿער ער וועט התונה האָבען, און זי וועט צוזאַמען מיט איהם אַרבּייטען אין פֿעלד און אין גאָרטען.

יאָ, צוערשט וועט ער אַלץ צוגרייטען און שפּעטער וועט ער זיי אַראָבּרענגען צו זיך. ווי גליקליך וועלען זיי זיין! ער וועט זיך דעמאָלס קויפֿען אַ גרויסע ביבּליאָטעק. און דערמיט וועט ער פֿערווירקליכֿען זיין אַלטען הייליגען אידעאַל. און זיי וועלען זיך לעבען אַ רוהיג, זיס, גליקליך לעבען. ער און זי וועלען אַרבּייטען אין גאָרטען און די מוטער וועט פֿיהרען די הויז=ווירטשאַפֿט. יעדען אָוועט וועלען זיי צוריקקומען פֿון חער אַרבּייט. אויפֿן טיש וועט שטעהן צוגעגרייט דער סאַמאָוואַר. זיי וועלען זיך אָבּוואַשען, איבּערטהון, און וועלען זיך זעצען טרינקען טיי. ער וועט האַלטען אַ צייטונג אין האַנד און וועט הויך פֿאַר זיי פֿאָרלעזען. דערווייל וועלען זיך ביי איהם צוזאַמענקומען זיינע בעקאַנטע אַרבּייטער און קאָלאָניסטען, און וועלען גוט פֿערבּרענגען די צייט. יאָ, אַזוי וועט זיין. איז דען מעגליך אַנדערש? און מיט שנעלע טריט געהט ער בעשטעלען בעלי=מלאכות, אַז זיי זאָלען שוין קומען אַרבּייטען, און נאָך היינט וועט ער וועגען דעם אַלעם מודיע זיין זיין מוטער און זיין כלה.

קומענדיג אין די קאָלאָניע האָט ער געטראָפֿען אַ פּאָר פֿון זיינע בעקאַנטע, וועלכֿע זענען געגאַנגען קיין גליל דאָרט ווערען שומרים. זיי האָבען איהם געבעטען צושטעהן צו זיי. און ניט טראַכֿטענדיג קיין סך האָט ער מסכּים געווען. נאָך פּאָר זיין אוועקגעהן האָט ער אוועקגעשריבּען אַ בּריעף אַהיים און דערנאָך האָט ער זיך צוזאַמען מיט דער גרופּע געלאָזען אין וועג אַריין.

אויך דאָ אין גליל איז ער שנעל בעליעבּט געוואָרען ביי אַלע, ווייל איהם ניט ליעבען איז אונמעגליך געווען. אויך אין די דאָזיגע נייע סביבה האָט ער מיטגעבראַכֿט אַ שטראָם פֿון לעבען און פֿון בעגייסטערונג. און פּלוצלינג איז געקומען דער שרעקליכֿער מאָמענט.

עס איז געווען אַ פֿינסטערע פֿערנעבעלטע נאַכֿט. דער הימעל איז געוועען בעדעקט מיט שווערע וואָלקענס, וועלכֿע האָבען געיאָגט איינע די צווייטע ווי די ווילדע חיות. ער איז געזעסען אין וועלדעל און האָט זיך צוגעהערט, און פֿערשידענע געדאַנקען האָבען בעשעפֿטיגט זיין מוח. איינער שעהנער פֿאַר'ן צווייטען, איינער רייצענדער פֿאַר'ן צווייטען. ער האָט געטראַכֿט וועגען דער גלענצענדער צוקונפֿט.

יענעם אָוועט איז ער געווען לוסטיגער ווי געוועהנליך. ער איז געגאַנגען פֿון איין חבר צום צווייטען, האָט געשטיפֿט און געלאַכֿט און געוויצעלט זיך, האָט געשפּרונגען און געטאַנצט און געזונגען.

און יענע נאַכֿט איז געקומען דער טויט און האָט אָבּגעריסען די דאָזיגע פֿרישע בלום. ער איז געפֿאַלען אַ טויטער פֿון אַ קויל, וואָס האָט איהם געטראָפֿען.

זיין מוטער איז געקומען, אָבער זי האָט נאָר געפֿונען דעם קבר פֿון איהר איינציגען געליעבטען זוהן.

# מרדכי קאצאפ.

האט געארבייט אין דער פארם כנרת; גערייניגט דעם באדען און געפיהרט די שטיינער צום ירדן. ביי דער ארבייט האט ער געקריגען א קלאפ פון א פרדה און אין א קורצער צייט ארום איז ער געשטארבען אין שפיטאל אין צפת.

# מ. מ. שמואלי.

כ"ח איר ה'תרע"א איז ער פלוצלינג געשטארבען אין כנרת פון א הארץ=פעהלער.

אין אנהויב אווענד איז שמואלי געקומען פון זיין הויז אין די פארם, דאט גענומען ברויט און האט זיך צוריק אומגעקעהרט אין זיין וואהנונג אין דעם מאטאר־הויז אויפ'ן ברעג פון ירדן. אין א קורצער צייט ארום זענען צוויי מענשען פארבייגעגאנגען א קאנאל און דערזעהען אינוועניג עפיס ווייס. מ'איז צוגעלאפען צו דער פארם און ארויסגערופען מענשען. קומענדיג, האט מען געפונען שמואלי'ן גוסס'ען, זיין קאפ איז שוין געווען קאלט, נאר דער קערפער איז נאך געווען ווארעם.

שמואלי איז געווען איינער פון די בעסטע פיאנערען צווי־שען די ארבייטער, א מאן, וועלכער האט געקאנט פערווירקליכען זיינע חלומות אין לעבען. זעקס יאהר האט ער געארבייט און גע־לעבט אין ארץ=ישראל און האט א סך אריבערגעטראגען אויף זיך. די ערשטע צייט האט ער געארבייט ביי שטיין=טעשעריי אין ירושלים, נאר צוליעב זיין הארץ=שוואכקייט האט ער זיך געמוזט אפזאגען פון דער ארבייט. דאן טרעפען מיר איהם אלס ערד=ארבייטער אין פערשידענע ערטער. דאס לעצטע יאהר האט ער געארבייט אין דער גרינס=גרופע אין כנרת.

שמואלי איז געווען א פלייסיגער ארבייטער און א טרעגער פון נייע שטרעבונגען און געדאנקען. זיינע שטרעבונגען, מיינונגען און האפנונגען פלעגט ער אויסדריקען אויף די שפאלטען פון „הפועל=הצעיר" אונטער דעם נאמען „ממשי".

י. ח. ברענער.

# נאָטיצען.

.I

א מאָל דוכט זיך: דאָך זענען פאַראַן מדרגות. און מיר שטייגען פון מדרגה צו מדרגה. — א מאָל....

* * *

פריהער איז מען געקומען און געזאָגט: השכלה. ס'איז געווען א גוטער סימן. ארום א לעבען פון מילבען, קליינע מענשעלעך מיט קליינע השגות. א געזעלשאַפט פון מילבען: ווילקאָמיר, ליליענבלומ'ס געבורטס-שטאָדט; דער מאַרק, דער קלויז, אָדער מעקלערייִ און רבנות איז געווען אונזער גאַנץ לעבען. אפילו תורה איז געווען די „שלעכטע סחורה"... א יוד האָט געדאַרפט זיצען אין קלויז אָדער אין קראָם.

א פערשימעלטע בלאָטע: פון אונטען דערשלאָגענע עם-הארצ'ישע בעלי-מלאכות, נעבען זיי פרומע און גאָטס-פאַרכטיגע קרעמער און מעקלער און איבער זיי — גבאים, למדנים, מגידים און משגיחים פון אלע מינים — דאָס איז דאָס בילד פון יודישען געטאָ אין יענער צייט. די גראָבע זיילען, וועלכע האָבען געשטעקט אין חעם ראַזיגען זומפּ און האָבען שוין אָנגעהויבען צו פוילען, האָט די יודישע מילבען-געזעלשאַפט פערטיידיגט מיט א טעמפּער אכזריות. די קוואַלען פון „עשירות" און פון „פרנסה" זענען געווען די אַרענדע אויף שענקען און אויף דער טאַקסע. דאָס ליכט פון דער אויפקלערונג, די פרייהייט פון געפיהל און דאָס פייער פון גייסט האָבען ניט געקאָנט אַריינדרינגען דורך די ווענד פון יודישען געטאָ. אין דרויסען האָט געווילדעוועט דער רעזשים פון ניקאָלאַי דעם ערשטען, און אינוועניג — פערגליווערט-קייט און טויט — — —

זענען געקומען די משכילים און האָבען אַריינגעוואָרפען א שטיין אין די פער-גליווערטע בלאָטע. די אַרבייט, אפילו ערד-אַרבייט, האָבען זיי מתיר געווען לויט דער תורה; זיי האָבען אויך מקיל געווען בנוגע דעם לערנען פון תנ"ך און דקדוק; זיי האָבען אויך געפּרעדיגט אז מ'זאָל לערנען די לאַנד-שפּראַך. אגב האָפען זיי דער-מאָהנט, אז פאַרצייטענס האָט דוד המלך ליעב געהאַט מיכל'ן און דער פּאַסטוך אמנון — תמר'ן; מיט זייערע שעהנע מליצות האָבען זיי געוועקט דאָס געפיהל פאַר שעהנקייט; האָבען בעלויכטען חעם תלמוד, געפאָדערט רעפאָרמען, אויסען געוועזן די טובה פון פאָלק. — — —

ס'פערשטעהט זיך, אז פאַר דער דרויסענדיגער וועלט זענען זיי בײַ זיך שטאַרק בטל געוואָרען. און צוריק גערעדט — האָט דען אַנדערש געקאָנט זיין? סוף כל סוף איז דאָך אין יענער ווייטער פרעמדער וועלט געווען שוין נאָכ'ן 18-טען יאָהר-הונ-דערט; וועלטען זענען דאָרט איבערגעקעהרט געוואָרען; נאַטור-וויסענשאַפט און פילאָזאָפיע, טעכניק און פּאָעזיע און די גאַנצע לעבענס-פּראַכט... אין דער דרויסענ-דיגער וועלט האָבען געלויכטען שילער, געטע, בײַראָן, פּושקין — אלץ האָבען זיי פערמאָגט — און אינוועניג? „מומיעס" און „ישיבות"...

השכלה! — געוויס, א גוטער סימן. די יודישע טבע צוזופּאַסען זיך — דער סוד פון דער יודישער עקסיסטענץ בכלל — האָט אויפגעוועקט די לעצטע לעבענס-כוחות. אָבער ליידער זענען די בעסטע כוחות פון דעם מומיען-פאָלק געווען אָרעם, זעהר אָרעם. אָהן מעשים און אָהן א ווייטען האָריזאָנט זענען געווען יענע נייע

משכילים. די בעסטע פון זיי האבען פערמאגט נאר א נאאיווע אידיליע און פוסטע מליצות.

און די ערגסטע? ס'הייסט דער ר ו ב פון די משכילים? דאס זענען געווען פחדנים, קאריעריםטען און גייסטיגע קבצנים. דער רוסישער טשינאווניק איז געווען אין זייערע אויגען דער סימבאל פון פאלקאמענהייט. „האדון גובערנער" האט געשריבען מיט דעם ציטער פון א מלמד, ווייסט איהר ווער? דער מחבר פון „אהבת ציון"! דאס קנעפעל פון „מונדיר" איז געווען דער אידעאל פון גאנצען משכילי'שען דור פון ריב"ל ביז י. ל. גארדאן. צו וואס זאלען מיר פתדיגען פאר די יודען? לאמיר פרעדיגען פאר די גוים. דאס איז סוף כל סוף דער אויסדרוק פון משכיל'ישען גייסט, ניט ווייניגער פון יענעם בעוואוסטען שענדליכען בעפעהל: „היה אדם בצאתך ויהודי באהלך" — זיי א מענש אין גאס און א יוד אין דער היים.

און טעג פון שטורם און שטרעבונגען זענען יענע טעג געווען. א ביהנען-שטאק אנשטאט דעם פריהערדיגען מילבען-נעסט. אט קומען אן די אכציגער יאהרען, די ערשטע פאגראמען, דער אנהויב פון דער עמיגראציע קיין אמעריקא. „ניט קיין פאלק און ניט קיין געמיינדע". א סטאדע, וואס צושפרייט זיך און צולויפט זיך וואוהין די אויגען טראגען...

דעמאלס איז אויפגעשטאנען א נייער דור און האט אויפגעשריבען אויף זיין פאהן: נאציאנאליזם. א קאמפף מיט די אסימילאטאהרען און מיט דער אסימילאציע. „זיי א יוד אין דער היים און א יוד אין דער גאס". ניט נעכטען זענען מיר געבארען געווארען. מיר זענען א קולטור-פאלק שוין זייט דריי טויזענד יאהר. מיר האבען א גרויסען היסטארישען עבר, און אויפן גרונד פון דעם דאזיגען עבר ענטוויקלען מיר ווייטער אונזערע נאציאנאלע ווערטהען.

דאס איז די צווייטע מדרגה. נאר ווידער די זעלבע צרה. יענע נאציאנאליסטען האבען געהאט מעהר סברות, טעאריען און פלענער, איידער נאציאנאלע מעשים און א נאציאנאלען פראגראם. מ'האט ארויסגעשלעפט די גאנצע שווערע ארטילעריע פון דער וויסענשאפט, כדי צו כשר'ען דעם נאציאנאליזם פון יענעם פאלק, וועלכען עס פעהלען די „אטריבוטען" פון א נאציע — גאר ניט קיין לייכט שטיקעל ארבייט!... תלמידי חכמים האבען אריבערגעשטיגען איינער דעם צווייטען אין הלכות-נאציאנאליזם — און ביני לביני, בעת מ'האט געזוכט דעם „הכשר", איז דאס פאלק, אונזער פאלק, וואס אמאל מעהר צושפליטערט געווארען, וואס א מאל מעהר צוברעקעלט און אבגעשוואכט געווארען, און איז געבליבען אהן א נאציאנאלער קולטור, אהן ארבייט, אהן א באחען אונטער זיינע פיס...

די קחעפטען פון פאלק ווערען וואס אמאל שוואכער; די קוואלען פון דער גייסטיגער און מאטעריעלער יניקה ווערען אויסגעטרוקענט; די גירושים און די רדיפות ווערען אפטער; די אינערליכע פערדארבענקייט און צופוילטקייט פערשפרייטען זיך וואס אמאל מעהר; דאס וואסער — איבער'ן האלז...

און ווען ס'האט זיך ארויסגעוויזען אויך דער טעות פון דער מאדערנער נאציאנאלער אידעאלאגיע, איז געקומען דער יודישער י ח י ד, און איין פשוט ווארט האט ער געזאגט: א ר ב יי ט.

ניט די פלאכע השכלה און דער לעכערליכער סענטימענטאליזם פון אונזערע זיידעס; ניט די הינקעדיגע נאציאנאלע טעאריעס פון אונזערע פאטערס, נאר דורך דער יודישער א ר ב יי ט קאן פערבעסערט ווערען אונזער לאגע. די יודישע ווירקליכ-

קײט װארט ניט אױף קײן איבערקעהרעניש. זי איז צו נישטיג פֿאר א רעװאָלוציע. מ'מוז אָנהױבען אַלין פֿון אָנהױב. נאָר די עלעמענטארע ארבײט גיט רעכֿט, שאַפֿט א געגענװארט. ניט „זײ אזוי“ און ניט „זײ אנדערש“ — איך, חער יודישער יחיד, בין שוין א מענש אין דער הײם און א מענש אין דער גאס, װען כ'בעגעגען דעם שונא... א מענש דורך מײן מענשליכֿער ארבײט. איך דארף גאָר ניט ארױסגעהן צו דער װעלט װי די משכילים האָבען געלערנט, װײל די גרױסע װעלט איז אין מיר און איך בעשאַף זי אױפֿסנײ; כ'דארף גאָר ניט װעקען דאָס נאַציאָנאלע בעװאוסטזײן און אלין מכון זײן לשם נאַציאָנאַליזם — װײל מײן טאָג-טעגליך לעבען איז פֿ א ק ט י ש נ א צ י אָ נ א ל.

אײנזאמע, געצעהלטע זענען די דאָזיגע פשוט'ע יודישע יחידים, נאָר זײ זענען פֿארהאן; נײע זענען זײ; גאָר א נײער מין בײ יודען...

.II

פֿון די, װאָס צוליעב זײ ערשײנט דער „יזכר“, האָב איך נאָר אײנעם געקענט פּערזענליך, — ב א ר א ל'ן.

דאָס איז געװען פֿאר דרײ יאָהרען. מײן ערשטען שבת אין ארץ ישראל האָב איך פֿערבראַכֿט אין הדרה. מיטאָג-צײט, באלד נאָכֿדעם, װי כ'בין אָנגעקומען אין די קאָלאָניע, האָב איך געזעהען דעם ארטיגען לעהרער פֿונאנדערטײלען ביכֿער צװישען די קינדער פֿון דער קאָלאָניע. דאָס ערשטע מאָל אין מײן לעבען האָב איך געפֿיהלט, אז אױך אין אונזער ליטעראטור איז פֿארהאן א נאַטירליך בעדערפֿעניש ערגיץ װאו אױף דער װעלט; אז עס זענען פֿארהאן נשמות, װאָס זענען צו איהר צוגעבונדען מיט א שטארקען נאַטירליכֿען צובונד. און פֿארנאַכֿט, װען כ'בין געקומען אין די ארבײטער-װאױנונגען, האָב איך איהם געטראָפֿען.

ער איז געלעגען א בארװעסער אױף א בעט און האָט אונטערגעברומט עפּיס א ניגון. א הױכֿער איז ער געװען, א מאָגערער און א גלײכֿער. די גאָמבע האָט בעדעקט א קורץ דונקל-גרױ בערדעל. די אױגען זענען געװען לױטערע און פֿרעהליכֿע. אָנגע-טהון אין צוריסענע מלבושים. די בעװעגונגען זענען געװען פֿלינקע און געשיקטע. דער אױסדרוק פֿון געזיכֿט — בעסערע מענשליכֿקײט.

יאָ, א בעסערער מענש — כ'האָב זיך צו איהם צוגעקוקט פֿון דער זײט און גע-טראַכֿט — די דאָזיגע לײט זענען שױן מענשען. אונזערע שרעקליכֿע און גרױסע פּגימות, אונזער אונמענשליכֿקײט: דאָס ניט-פֿערשטעהן די נאַטור, די ניט-צוגעבונ-דענקײט צו אײן אָרט, די מיאוס'ע אױפֿגערעגטקײט, און די איבערפֿלעכֿליכֿע בעציהונג צו יעדער געפֿיהל-זאַך — די דאָזיגע חסרונות װערען אױסגעבעסערט דורך דעם דאָזיגען הײפֿעל מענשען. אַט זײן ליגען אױפֿן בעט, זײן אָפּרוהען זיך פֿון דיער ארבײט, זײן זינגען — ס'פֿיהלט זיך אין דעם אלעם אינסטינקטען פֿון א אמת'ען נאָרמאַלען מענש. די איבעריגע „שבחים“ זענען איבעריג.

נאָר שפּעטער א ביסעל, װען איך האָב איהם געזעהען זיצען בײם טיש, עסענדיג מיט א גרױסען אַפּעטיט דאָס ברױט מיט די אַליװען, װען כ'האָב שפּעטער געהערט זײנע שבת'דיגע זמירות און געזעהען דעם שמײכֿעל, װאָס שװעבט אױף זײנע ליפּען— האָב איך זיך שױן ניט געקאָנט מעהר אײנהאַלטען און כ'האָב א פֿרעג געטהון: װער איז ער, דער יונגערמאַן?

האָט מען מיר דערצעהלט: ער איז פֿון װאָהלינער גובערניע. זעהר א סימפּאַ-

טישער בחור, בעליבט ביי אלע חברים. געווען צוויי יאהר שוחט און זיין שטעד־טעל... איצט איז ער א גוטער „פיאָנער“, האט אויסגעביטען זיין חלף אויפ'ן אקער־אייזען, א חבר פון „הפועל הצעיר“, דער לעבעדיגער גייסט פון דער גאנצער סביבה...

—געהט! געהט! האט זיין קול ניט ווילענדיג איבערגעריסען די ערצעהלונג וועגען איהם; ער האט שוין דיסקוטירט מיט עמיצען — ביי מיר איז דער עיקר: ניט קליינע יודעלעך, ניט מעקלערס, ניט קרעמערס. איהר פערשטעהט? דער כבוד פון פאלק! — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און א קורצער צייט ארום איז בּאראל געווארען א שומר.

### .III

פון די געפאלענע שומרים האב איך געקענט נאר בּאראל'ן; אבער פון די אר־בייטער, וואס זענען געשטארבען ביי זייער ארבייט, האב איך א סך מעהר געקענט. שמואלי, איינער פון די ארבייטער, וועלכע כ'האב נאהענט געקענט, איז אויך איינ־געלאדען געווארען צו זאגען עטליכע ווערטער אין „יזכר“ וועגען זיינע חברים, וואס זענען געפאלען, דערווייל איז ער אליין געפאלען — און אויך זיין נאמען ווערט דערמאהנט צווישען די געפאלענע.

שמואלי איז ניט דער'הרג'עט געווארען — זיין הארץ איז צוריסען געווארען. ער האט ניט געוואלט זיך בּעראטען מיט א דאקטאר, מורא האבענדיג, אז מ'וועט איהם פערווערען צו ארבייטען, אז מ'וועט ביי איהם צונעמען דעם עיקר פון זיין לעבען.

וואס הייסט א שטארקער גייסט! — דער וואס איז בכח צו שטארקען אויך דעם שוואכען קערפער. דורכ'חעם ווערט אויסגעפרובט דער גייסט. שמואלי'ס גייסט האט אויסגעהאלטען דעם נסיון. דער שוואכער גוף האט געזאגט: כ'בין א גבור, און איז געווען א גבור...

קורץ איז געווען זיין לעבען, דרייסיג יאהר בסך־הכל. אבער כמעט אלץ, וואס דער יודישער געדאנק האט דורכגעמאכט פאר די לעצטע יאהרען, האט געפונען א אבקלאנג אין זיין נשמה: תורה, השכלה, חסידות, סאציאליזם — און די לעצטע מדרגה...

...חול־המועד סוכות, אויף דער זעקסטער קאנפערענץ פון „הפועל הצעיר“, ווען ס'איז ארויפגעשוואומען די איינציגע פראגע: וואו זענען איצט די אלע יודישע אר־בייטער, וואס זענען אהער געקומען מיט עטליכע יאהר צוריק? פאר וואס זענען מיר איצט געבליבען אזא קליין הייפעל מענשען? און פארוואס דוקא איצט, ווען מ'נויטיגט זיך אזוי שטארק אין יודישע ארבייטער זענען זיי, די ארבייטער, ניטא? וואו זענען זיי, די בעסערע זיהן פון אונזער פאלק? צי איז נאך ניט פערלארען אונ־זער לעצטע האפנונג?

דעמאלס איז ער אויפגעשטאנען — א יונגער מאן, אבגעראזירט און אבגעצע־שוירען ווי א סאלדאט, א הויכער, מיט בעוועגונגען פון א מענש, וואס האט א סך צייט עוסק געווען אין תורה, דער קאפ ארומגעבונדען מיט א ווייס פלאכען־טיכעל, — און שטאמלענדיג שטיל און פערשעהמט, נאר אויסגעהאלטען, קלאר און מיט א פערביסענער עקשנות, האט ער דערמאהנט זיינע חברים:

—אויב כ'וועל בלויז פינף געפונען... אפילו נאר איין צדיק... וועל איך מוחל זיין דער

גאַנצער געגענד... אַזוי האָט גאָט געזאָגט צו אברהם אבינו... מיר דאַרפֿען זיך ניט מיאש זיין... יעדער פֿון אונז וואָס טהוט זיין אַרבייט... ניט אין אונזערע הענד ליגט די גאולה פֿון פֿאָלק... ס'קאָן זיין, אַז דער יחסן וויל גאָר ניט קיין גאולה... אפשר וויל ער יאָ, נאָר ער האָט שוין קיין כח ניט... יעדער פֿון אונז איז מציל זיך אַליין... יעדער פֿון אונז וואָס פֿערלאָזט די שטאָדט... דאָס אונפּרוכטבאַרע לעבען... יעדער וואָס אַרבייט אין ארץ־ישראל... יעדענס אַרבייט לייזט אונז אויס... שאַפֿט אַ באָדען אונטער אונזערע פֿיס... פֿערזיכערט אונזער עקסיסטענץ... כ'מיין... יעדער יוד... אין זכות פֿון יעדען...

אפילו איין צדיק. דאָס איז, נאַטירליך, זיין אייגענע הוספה. דער חומש פֿאָדערט ניט ווייניגער פֿון צעהן...

אפילו איין צדיק...

און ער איז געווען דער איינער פֿון די געצעהלטע, אַ מענש פֿון דער טאָג־טעגליכער ווירקליכקייט, וואָס קען און פֿערשטעהט דאָס לעבען, אַ מענש, וואָס חלומ'ט זיך איינצוואָרצלען אויף דער ערד און טהוט אַלץ צוליעב חעם צוועק—און איז דערביי ריין און עהרליך, ריין און איידעל — און שטאַרק ווי אַ פֿעלז. גוט און שטאַרק — אַלץ פֿון אינווייניג.

אין דער פֿאַרם „כנרת“ האָט דער מענש געאַרבייט.

* * *

שטערבליכע, צייטווייליגע זענען מיר מענשען. מיר לעבען און שטאַרבען געגען אונזער ווילען. פֿון אונבעקאַנטען צום אונבעקאַנטען. ווי אַזוי מיר שטאַרבען איז קיין חילוק ניט, אָבער ווי אַזוי מיר לעבען — הלואי מיר זאָלען דערגרייכען צו דער מדרגה, וואָס באַראַל און שמואלי האָבען דערגרייכט, יעדער פֿון זיי, לויט זיין שטייגער נאָך, איז דערהויבען געוואָרען דורכ'ן לעבען. —

און זייערע ביינער, ווי די ביינער פֿון זייערע איבעריגע ברידער, זענען בעהאַלטען אין דעם ניט־גרויסען שטיקעל באָדען, וואָס מיר האָבען אין גליל. איז דען די ערד פֿון גליל ניט הייליג?





## יחזקאל ניסאַנאָוו.

איז געבוירען געוואָרען אין טעמיר־כאַן־שורא (קאַווקאַז) אין יאָהר ה'תרמ"ו. איינער פון די גרינדער פון „השומר". כ"ה שבט ה'תרע"א (1911) איז ער דערשאָסען געוואָרען אויף טויט דורך אראבישע רויבער פון דאָרף סאראנא, נעבען דער קאָלאָניע בית־גן.

צבי בעקער.

# יחזקאל ניסאַנאָוו.

## (בלעטלעך פֿון זיין לעבען).

### א.

איך האָב איהם נאָך געקענט פֿון מיינע קינדער־יאָהרען. איך בין דאָן אַ יונגעל געווען, אַ זוהן פֿון אַ אשכנז'ישען יוד אין דער שטאָדט טעמיר—כאַן—שורא, אין דער פּראָווינץ דאַגעסטאַן, אין קאַווקאַז. און ער — חאַצקעל קאַווקאַזער. מיינע חברים, די קינדער פֿון די אשכנז'ישע יודען, האָבען זיך ניט געוואָלט חבר'ען מיט איהם, מיט'ן „ווילדען מענש“, און ער פֿלעגט צוזאַמענקלויבען אַ חברה יונגלעך פֿון די טאַטאַרען און בערג־יודען און מיט אונז מלחמה האַלטען. ס'רוב פֿלעגען די מלחמות זיין שבת אין שפּאַציר־גאָרטען. מיר פֿלעגען זיך אפילו אַרויסדרעהען פֿון זיי, אָבער דערפֿאַר, ווען ער מיט זיין חיל פֿלעגט אונז פּאַקען, פֿלעגט ער אונז גוט־גוט צו'מזיק'ען.

די בערג־יודען זענען אָבגעזונדערט פֿון די אשכנז'ישע יודען און קומען מיט זיי כמעט גאָר ניט אין בעריהרונג. און דאָס האָט פֿערדראָסען יחזקאל'ען. עס האָט איהם געצויגען צו יענעם פֿרעמדען לעבען פֿון זיינע אשכנז'ישע ברידער. ענג איז איהם געווען צווישען די זיינינגע. ווען זיין טאַטע האָט געלעבט, פֿלעגט ער אַרויסגעהן מיט איהם זוכען פּרנסה: איננאַיינעם פֿלעגען זיי גריבער גראָבען, האָלץ האַקען און חערפֿון פֿערדינען זייער ברויט.

זיין מאַמע פֿלעגט געהן אַרבייטען אין די אשכנז'ישע הייזער, ביי זיי וועש וואַשען. ער האָט אויך צוויי ברידער געהאַט: איינער איז געווען אַ פֿאַרבער, דער צווייטער—אַ שניידער־געהילף. האָט יחזקאל זעהר מקנא געווען זיין ברודער דעם שניידער, וואָס ער פֿלעגט עסען ביי זיין בעל־הבית דעם אשכנזי און דער בעל־הבית פֿלעגט איהם אָנטהון אשכנז'ישע מלבושים. און יחזקאל'ען פֿלעגט זיך אויך וועלען אַ בעל־מלאכה ווערען, און אָפֿט פֿלעגט ער אַנטלויפֿען פֿון זיין טאַטען און פֿון זיין אַרבייט, פֿערברענגען זיינע טעג ביים שניידער און בעטען זיך ביי איהם, ווער זאָל איהם די מלאכה אויסלערנען; און גליקליך איז געווען יחזקאל, ווען ער האָט זי איהם ענדליך אויסגעלערנט.

יחזקאל האָט שוין מעהר ניט צונויפֿגעקליבען טאַטאַרישע חברה'ניקעס מלחמה צו האַלטען מיט זיינע „פֿיינד“. אַ חבר־ברודער איז ער געוואָרען מיט די שניידער־יונגען, האָט זיך פֿון זיי אַ פּאָר יודישע ווערטער אויסגעלערנט — ביז איצט האָט ער גאָרניט געקענט. און ווען ער איז אַביסעל אונטערגעוואַקסען, און זיין ברודער צ. וועלכער האָט זיך דערווייל אויסגעלערנט די אַרבייט, האָט פֿער־לאָזען טעמיר־כאַן־שורא און איז אַריבער אין אַ גרויסע שטאָדט, — האָט ער אויך אָנגעהויבען פֿערלאַנגען פֿון זיינע עלטערן, זיי זאָלען איהם אַ פּאַספּאָרט געבען, ער זאָל אין די וועלט אַרוים און ווערען אַ מענש, ווי זיין ברודער. דאָס איז געווען דאָן אַ נייע ערשיינונג אין דער פּאַטריאַרכאַלישער סביבה פֿון די בערג־יודען, וועלכע זענען אַלע געווען סוחרים און נאָר איינצעלנע פֿון זיי האָבען זיך בעשעפֿטיגט מיט בעאַרבייטען פֿעל — פֿון קיין אַנדערע מלאכות האָבען זיי גאָר ניט געוואוסט. יחזקאל איז אַוועקגעפֿאָהרען קיין פּ. נאָהענט פֿון טעמיר—כאַן—

שורא, און קומענדיג אהיים אויף ימים־טובים צו זיינע עלטערן, פֿלעגט ער זיך שוין ניט אומקעהרען אליין, נאָר מיטברענגען מיט זיך נאָך חברים זיינע אין די גרויסע שטאָדט אריין.

אין ווערקשטאט, וואו יחזקאל האָט געארבייט אין פּ., זענען געווען א סך ארבייטער פֿון פֿערשיעדענע שטעדט, וועלכע פֿלעגען זיך א סך אָנדערצעהלען וועגען דעם שטורמישען לעבען ביי זיי אין דער היים, וועגען דער גרויסער שטאָדט באקו, איהרע שטרייקען, דעמאָנסטראציעס און פֿערשיעדענע רעוואָלוציאָנערע פּארטייען. יחזקאל'ען האָט דאָס אלץ פֿעראינטערעסירט, נאָר ער האָט דאָס אלץ נאָך ניט אזוי גוט בעגריפֿען, ווייל ער האָט רוסיש גאָר ווייניג געקענט. דאן האָט ער בעשלאָסען צו פֿאָהרען קיין באקו און אליין זיך צו בעקענען מיט יענעם לעבען — מעג זיין וואָס עס וויל!

## ב.

אין צוויי יאָהר ארום האָב איך יחזקאל'ען בעגעגענט אין באקו. דאָרט האָט ער שוין געהאט א סך פֿריינד און בעקאנטע. ער איז שוין דאן געווען א חבר אין דער ס. ד. פּארטיי, און ניט קיין חבר סתם, ניט קיין צופֿעליגער, נאָר א געטרייער, א איבערגעגעבענער. ער האָט געלערנט רוסיש אויף די אָווענד־קורסען און די לעהרער, וועלכע זענען געווען ס. ד., איז געלונגען איהם צוצוציהען צו זיך. פֿון יודישען לעבען האָט דאן יחזקאל גאָרניט געוואוסט. באלד אָבער האָט ער אָנגעהויבען צו בעזוכען לעקציעס פֿון יודישער געשיכטע, און דאָס האָט אין איהם אויפֿגעוועקט עפּיס נייעס. ער האָט אָנגעהויבען פֿרעגען פֿערשיעדענע קשיות זיין פּארטיי־אגיטאטאָר. און איינמאָל, ווען ער איז מיט מיר געגאנגען פֿון א גרויסער אסיפה — דאָס איז געווען אין די צייטען פֿון דרייפֿוס־פּראָצעס — האָט מיר יחזקאל געזאָגט, אז סוף כל סוף וועט ער מוזען ארויס פֿון דער פּארטיי, ווייל זי פֿערענטפֿערט ניט אלע זיינע פֿראגען... דאָך, נאָך לאנג האָט געדויערט, ביז ער און איך און נאָך פֿינף חברים פֿון די ס. ד. האָבען זיך ארומגעקוקט און איינגעזעהען, אז מיר זענען יודישע נאציאָנאליסטען און אז מיר דארפֿען צושטעהן צו דער יונגער פּועלי־ציון־פּארטיי, וואָס האָט זיך דאן געגרינדעט אין באקו. אין דער ערשטער צייט, ווען יחזקאל איז אריין אין די נייע סביבה, איז ער געווען ווי א מענש, וואָס האָט לאנג ארומגעבלאָנדזשעט און צום סוף דאָך געפֿונען דעם ריכטיגען וועג. ער האָט פֿלייסיג געלערנט די יודישע געשיכטע, באלד האָט ער זיך אויך פֿעראינטערעסירט מיט פּאלעסטינא. דער פֿעראיין פֿלעגט פֿון צייט צו צייט בעקומען ידיעות פֿון ארץ־ישראל און אונז האָט אינטערעסירט צו וויסען, ווי פֿערדיענט מען דאָרט, ווי געהט דאָרט דאָס לעבען. מיר האָבען געלעזען אוסישקינ'ס „אונזער פּראָגראם", און דאָס בוך האָט אויף אונז געמאַכט א געוואלדיגען איינדרוק. יחזקאל איז באלד געווען גרייט צו געהן ארבייטען דאָרט די דריי יאָהר, וואָס עס פֿאָדערט „אונזער פּראָגראם" — און ארץ־ישראל איז געוואָרען דער עיקר פֿון זיינע פֿערלאנגען.

אין יענער צייט איז אויסגעבראָכען אין באקו דער בעריהמטער פּאָגראָם אויף די ארמענער. איך האָב געוואוינט דאן אינאיינעם מיט יחזקאל'ען ביי א ארמענער אין הויז, און פֿאר אונזערע אויגען האָט זיך אָבגעשפּיעלט דאָס שרעקליכע בילד. ניט איינמאָל האָבען די טאטארען און די ארמענער אָנגעשטעלט

זייערע ביקסען אויף יחזקאל'ען — זיי האבען איהם אנגענומען פאר א קינד פון אזיען.

און ווען דער פאגראם איז אבגעשטעלט געווארען, בין איך מיט יחזקאל'ען ארומגעגאנגען איבער די גאסען און בעטראכט די הונדערטער הרוגים. יחזקאל האט זיך פערטיעפט אין געדאנקען, און אז איך האב איהם געפרעגט, ווענען וואס ער טראכט, האט ער מיר געענטפערט:

— זעה, די ארמענער און די טאטארען האבען דאך ביז איצט אזוי גוט געלעבט צווישען זיך... איך בין דאך אויסגעוואקסען צווישען די טאטארען... און פלוצלינג... דער ליגט אהן א קאפ, דער אהן א האנד... מיט וואס-זשע זענען מיר זיכער, אז אויך מיט אונז יודען וועט אזוינס ניט פאסירען, און — ווער ווייס, צי ביי אונז וועלען זיך געפינען מענשען, וואס וועלען זיך קאנען פערטיידיגען, ווי די ארמענער...

און פון דעמאלס אן פלעגט יחזקאל מיט מיר שטענדיג איינ'טענה'ן, אז מיר טארען ניט וואוינען צווישען פרעמדע, מיר טארען זיי ניט טרויען. וואו זענען זיי— פלעגט ער טענה'ן — וואו זענען די אלע, וואס האבען געשריגען: אלע פעלקער, פערראייניגט אייך? וואו האבען זיי זיך בעהאלטען, ווען מ'האט דריי טעג כסדר גע'שחט'ען א גאנץ פאלק אין די גאסען? וואו זענען זייערע טויזענדער מענשען, וואס פלעגען קומען צו זייערע פערזאמלונגען און איצט זעהט מען זיי גארניט אין גאס? ניין, איך גלויב ניט מעהר אין זייערע שעהנע רעדעס... שעהנע רייד קאנען ניט ביישטעהן אין א צייט פון פאגראמען... וואס עס האט פאסירט מיט די ארמענער, קאן אויך טרעפען מיט אונז, יודען.

און איינמאל, ווען ער איז געקומען אין אונזער פעראיין, האט ער זיך דערוואוסט, אז זיין השערה וועגען פאגראמען אויף יודען איז מקוים געווארען. מ'האט איהם דערצעהלט וועגען קישינעוו, האמעל און נאך, און נאך...

## ג.

נאכדעם האט יחזקאל מיט נאך א פאר חברים בעשלאסען צו פאהרען קיין ארץ-ישראל. אבער קיינער פון זיי האט ניט געהאט קיין געלד אויף הוצאות. די חברים האבען געראטען צו ווארטען, ביז ס'וועט זיך אנקלויבען די נויטיגע סומע. יחזקאל האט מיר אבער געזאגט: מיר ביידע האבען דאך א זיכערע מלאכה אין דער האנד און וואו מיר וועלען קומען, וועלען מיר זיך פערדינען אויפן לעבען. לאמיר-זשע ארויספאהרען פון דאנען אזוי שנעל ווי מיר קאנען — וואס עס וועט זיין זאל זיין. איך האב איהם געפאלגט. און אזוי זענען מיר געקומען קיין סעוואסטאפאל. די חברים האבען אונז בעגלייט און מיר זענען זיכער געווען, אז מיר וועלען זיך נאך זעהן אין ארץ-ישראל. א סך פון זיי האבען פון יחזקאל'ען גענומען א משל. מיר האבען אלע געפיהלט, אז דער היינטיגער טאג איז ניט ווי אלע טעג און אז אונזער חבר יחזקאל איז ניט גלייך צו די אנדערע חברים...

אין סעוואסטאפאל האבען מיר געפונען ארבייט, און באלד האבען מיר אנגעהויבען צו שפארען, הגם אונזער פערדיענסט איז ניט געווען קיין גרויסער. נאר דאן האט מען אנגעהויבען צו רעדען אין שטאדט וועגען א פאגראם אויף יודען, ווייל די יודען האבען דארט א גרויסען אנטהייל גענומען אין דער רעוואלוציא=

נערער בעוועגונג. דאס איז געוועזען א קורצע צייט פאר'ן אויפשטאנד אויף דער שיף „פאטיאמקין". דער „בונד" און די ס. ד. האבען געגרינדעט א זעלבסט=שוץ. צו איהר האבען געהערט דאס רוב יודען אבער אויך א פאר קריסטען. יחזקאל האט אנגעפיהרט א שטארקע אגיטאציע געגען דעם. „מיר טארען זיי ניט גלויבען! — האט ער געזאגט — און דער לעצטער מינוט װעלען זיי אונז פערראטען". און אונזער פוע"צ=פעראיין, וואס האט געצעהלט 15 חברים, האט געגרינדעט א בעזונדערע זעלבסט=שוץ פון 25 מענשען — 22 מענער און 3 פרויען. מיר האבען געהאט דאס בעסטע געוועהר, און וויל יחזקאל איז געוועזען זעהר ענהליך צו א ארמענער, און אויך איך בין — לויט דער מיינונג פון די חברים — מעהר גוי איידער יוד אויפן פנים — האט מען אונז אויסגעקליבען, מיר זאלען ארומגעהן צווישען רוסישען המון און זיך איינהערען, וואס מ'רעדט דארט. אזוי זענען מיר ארומגעגאנגען צווישען די כוליגאנעס, גערעדט מיט זיי רוסיש אין דער ארמענישער אויסשפראך און זיך דערוואוסט, וואס מיר האבען געדארפט.

צוליעב די שלעכטע צייטען איז געווארען וועניג ארבייט אין סעוואסטאפאל— און יחזקאל איז געצוואונגען געוועזען ארייבערצופאהרען אין א אנדער שטאדט. ער איז אוועקגעפאהרען קיין יאלטא, און איך בין געבליבען אין סעוואסטאפאל. זענענדיג זעהר צוגעבונדען צו זיינע חברים, פלעגט מיר יחזקאל אפט שיקען בריעף, און אין יעדען בריעף פלעגט ער מיך פרעגען, וויפיעל איך האב פערדיענט אין דער וואך און וויפיעל איך האב אבגעשפארט אויף רייזע=הוצאות. איינמאל האב איך בעקומען פון איהם א בריעף, וועלכען איך היט נאך ביז'ן היינטיגען טאג, ער שרייבט דארט אזוי:

„טייערער חבר! שוין דריי חדשים, ווי מיר זענען אוועק פון באקו, און מיר האבען נאך קיין געלד ניט געזאמעלט. וואס וועט זיין דער סוף? היינט איז איינער פון די חברים פוע"צ אוועקגעפאהרען קיין א"י און איך האב איהם אזוי מקנא געוועזען. ווען וועלען מיר שוין קומען דערצו? די טעג האבען די פוע"צ בעקומען א בריעף פון א חבר, וואס איז ניט לאנג געפאהרען אהין, און ער שרייבט, אז ער איז זעהר צופריעדען. ער ארבייט אין ראשון לציון אין א כרם און פערדיענט גענוג. אין גיכען וועט ער ווערען א שומר אין א כרם.

„מסתמא האבען אויך דארט די יודען צרות, אבער דארט זענען מיר דאך ביי זיך אין דער היים. א, ברודער, ווען וועט שוין קומען די צייט, ווען אויך מיר וועלען דארט זיין און וועלען יודישע ווײַן=גערטנער היטען? ער שרייבט פון דארט, אז אין גיכען וועט מען איהם געבען א ביקס, פערשטעהסטו, ברודער, ווי פריי ס'איז דארט. יעדער טראגט זיין געוועהר. דארט איז דאך אודאי פארהאן א סך שומרים — קאן מען דאך גרינדען א שומרים=פעראיין און אלע גנבים פאקען... ווען וועלען מיר שוין האבען גענוג געלד אויף הוצאות און ווען וועלען מיר זיין גליקליך, ווי יענע וויינגארטען=שומרים?! איך וואונדער זיך, וואס דו האסט די וואך אזוי וועניג אבגעשפארט. איך פערדיען גוט און וואלט זעהר געוואלט זיך זעהן מיט דיר. איך בענק נאך דיר זעהר. פון מיר דיין חבר חאצקעל".

## ד.

אין זיין לעצטען בריעף צו מיר פון יאלטא, פאר אונזער פאהרען קיין ארעס, שרייבט מיר יחזקאל אזוי:

„מײַן חבר צבי. דײַן בריעף האָב איך ערהאַלטען. דו שרײַבסט, אַז אונזער חבר ק—ן איז שוין אין אָדעס און וואַרט אויף אונז, מיר זאָלען פֿאָהרען אינאײנעם. ס'ווײַזט אויס, אַז אונזערע חברה=לײַט טהוען זײַערס און זײ וועלען זײַן אין פּאַלעסטינא נאָך פֿאַר אונז. זעהר גוט. אָבער וואָס קאָנען מיר טהון — מיר קאָנען דאָך ניט פֿאָהרען אָהן געלד, און צווײטענס, דאַרפֿען מיר דאָך גנב'ענען די גרעניץ, אין דער צײַט, ווען ק—ן האָט אַ פּאַספּאָרט. דעריבער זאָלסטו איהם שרײַבען דעם גאַנצען אמת, אַז מיר האָבען נאָך קײַן געלד ניט און אַז מיר קאָנען נאָך ניט פֿאָהרען. איך גלויב, אַז אין אַ פּאָר וואָכען אַרום וועלען מיר שוין האָבען די מעגליכקײַט צו פֿאָהרען. פֿון דעם שומר אין ראשון לציון בעקומען מיר אָפֿט בריעף. ער שרײַבט, אַז דאָרט זענען דאָ אַ סך גנבים, און ווען מיר וואָלטען דאָרט געהאַט אַ סך אונזערע, וואָלט מען זײ געקאָנט אינגאַנצען פֿערטרײַבען פֿון לאַנד. ער שרײַבט, אַז דאָרט דאַרף מען מענשען, וואָס קאָנען זיך בענוצען מיט געוועהר. מיר דוכט, אַז מיר זענען דאָס די, וואָס טויגען דערצו. ער שרײַבט נאָך, אַז דאָרט קאָן מען בעקומען דאָס בעסטע געוועהר און ניט טײַער, דערפֿאַר דאַרף מען דאָ ניט קויפֿען. שרײַב ק—ן, אַז מיר וועלען אינגיכען קומען. זאָל ער דאָרט אָנגרײטען אַרבײַט פֿאַר אונז. חבר! איך וואונדער מיך זעהר, וואָס דו שרײַבסט מיר, אַז די וואָך האָסטו זעהר וועניג אָבגעשפּאָרט. איך האָב אָבגעשפּאָרט גענוג. פֿון מיר דײַן חבר, וואָס וויל דיך זעהר זעהן, חאַצקעל".

אַז מיר זענען געקומען אין אַ פּאָר וואָכען אַרום קײַן אָדעס, איך פֿון ס. און ער פֿון יאַלטאַ, האָבען מיר זיך אָנגעהויבען פֿונאַנדערפֿרעגען וועגען דער מעגליכקײַט צו פֿאָהרען מיט דער שיף און בגנבה, ווײַל קײַן פּאַספּאָרטען, ווי געזאָגט, האָבען מיר ניט געהאַט. אָבער אין אָדעס האָט דאַן געהערשט קריעגס=צושטאַנד און קײַן בעקאַנטע האָבען מיר דאָרט ניט געהאַט. יחזקאל האָט אפילו געהאַט אַ בריעף פֿון יאַלטאַ צו אַ חבר אין אָדעס און דער האָט אונז בעקענט מיט אַ אַנדערן, וועלכער האָט אונז אַ סך אַרויסגעהאָלפֿען. אָבער וועגען „גנב'ענען די שיף" האָט ער אויך אונז גאָרניט געקאָנט טהון. זיצען אין וואַרטען איז געווען אונמעגליך, ווײַל ס'איז שווער געווען צו זײַן אָהן אַ פּאַספּאָרט אין אָדעס אין צײַט פֿון קריעגס=צושטאַנד. יחזקאל איז אָבער בײַ זיך ניט אַראָבגעפֿאַלען. ער האָט אויסגעפֿונען אַ אַגענט, וועלכער האָט זיך אונטערגענומען אַריבערצופֿיהרען אונז דורך דער עסטרײַכישער גרעניץ, און פֿון דאָרט—האָט אונז צוגעזאָגט דער אַגענט — איז זעהר לײַכט צו קומען קײַן פּאַלעסטינא. דאָרט איז דאָ אַזאַ חברה, דורך וועלכער מ'קאָן פֿאָהרען קײַן ארץ=ישראל פֿאַר אַ האַלבען פּרײַז. מיר אַלע, ווי אויך אונזער אָדעסער חבר, האָבען גאָרניט געוואוסט אין דער זאַך, און די אַגענטען האָבען געהאַלטען אין אײַן אײַנרעדען אונז און האָבען אונז געצוואונגען דעם מאַרך פֿון די בײנער. איך האָב געזאָגט יחזקאל'ען, אפשר איז בעסער פֿאַר אונז צו בלײַבען אין אָדעס און דאָך וואַרטען אויף די מעגליכקײַט צו פֿאָהרען מיט דער שיף, אײדער אַרײַנפֿאַלען אין די הענד פֿון די אַגענטען, וועלכע איך האָב גאָרניט געקענט, זײ זענען מיר אָבער באַלד ניט געפֿעלען געוואָרען... נאָר יחזקאל האָט מיך ניט געוואָלט פֿאָלגען, אָדער בעסער—ער האָט מיך ניט געקאָנט פֿאָלגען. ער איז שוין אינגאַנצען געווען אַרײַנגעטהון אין זײַן נאָהענטער צוקונפֿט אין ארץ=ישראל און דעם שומר פֿון ראשון לציון האָט ער נאַכט בײַ נאַכט געזעהען

אין חלום.

דאָס און נאָך אַ סך פֿון זײַנע חלומות האָט ער מיר דערצעהלט. — איך האָב שוין קײן געדולד ניט צו בלײַבען דאָ אפילו אײן טאָג — האָט ער מיר געזאָגט — און די ווילסט, מיר זאָלען דאָ זיצען חדשים! נײן און טויזענד מאָל נײן! און אויב ס'איז קײן אַנדערע ברירה ניטאָ — קום, לאָמיר פֿאָהרען דורך גאַליציען!...

## ה.

און אַזוי איז געווען. יחזקאל האָט געזיגט. מיר זענען געפֿאָהרען דורך גאַליציען, אָבער ווי געפֿאָהרען! דאָס איז שוין געווען אײנמאָל אַ נסיעה!

ערשטענס האָט דער אַגענט בײַ אונז צוגענומען דאָס גאַנצע ביסעל געלד. מיר האָבען אָבגערעדט, אַז ער דאַרף אונז ברענגען קײן בראָדי פֿאַר 42 רובל און מיר האָבען איהם דאָס געלד טאַקע באַלד בעצאָהלט במזומנים, אָבער קומענדיג צו דער גרענעץ, האָבען די אַגענטלעך פֿון דעם אַגענט בשום אופֿן ניט געוואָלט אונז אַדורכפֿיהרען, ביז מיר וועלען זײ אויפֿסנײַ ניט געבען קײן געלד.

דעם אײַנדרוק, וואָס דאָס האָט געמאַכט אויף יחזקאל'ען, איז שווער צו בעשרײַבען. „סטײַטש — איז דען מעגליך, אַז יודען זאָלען אַזוינס טהון זײַערע ברודער, זײַער אײגען בלוט און פֿלײש?!“ ער האָט זיך זעהר אויפֿגערעגט און געוואָלט געהן אין די שטאָדט, פֿער'מסר'ן די רויבער פֿאַר דער יודישער געמײנדע, נאָר אונזערע בעגלײטער האָבען איהם דערפֿון אָבגעהאַלטען, ווײַל זײ האָבען מורא געהאַט, טאָמער וועט עס אויסגעהן צו זײ — און די אַגענטען האָבען געטהון מיט אונז, וואָס זײ האָבען געוואָלט.

ס'רוב פֿון אונזערע בעגלײטער זענען געווען פֿרויען און קינדער — און אַט דאָס גאַנצע בינטעל האָבען מיר געמוזט אַריבערפֿיהרען דורך הײלען און דערנער, דורך טײַכען און טײַכען. ניט אײנמאָל האָבען מיר זיך געדאַרפֿט אויסטהון נאַקעט און טראָגען אויף זיך דעם „עולם“, כדאי איז געווען צו זעהן יחזקאל'ען בײַ דער דאָזיגער אַרבײַט.

נאָר אַט זענען מיר אין לעמבערג. אין קעשענע איז קײן פּרוטה ניטאָ. מיר האָבען זיך נאָכגעפֿרעגט, וואו איז דאָ די חברה, וואָס שיקט קײן ארץ־ישראל פֿאַר אַ האַלבען פּרײַז — האָט מען אונז אויסגעלאַכט. מיר האָבען געפֿרעגט, ווי פֿאָהרט מען פֿון דאַנען קײן ארץ ישראל? האָט מען אונז געענטפֿערט, אַז דער קורצעסטער וועג איז דורך אָדעס, און פֿון לעמבערג דאַרף אונז די נסיעה קאָסטען ביז 50 רײַניש יעדען...

ביטער איז אונז געווען, זעהר ביטער. מיר זענען, פֿערשטעהט זיך, אַוועק אַרבײַטען, אָבער ביליג איז דאַן געווען דער מענש אין גאַליציען. מאַסען אַנטלאָפֿענע זענען דאַן אָנגעקומען פֿון רוסלאַנד. הונדערטער פֿון זײ האָבען זיך אַרומגעוואַלגערט אין פֿערשידענע שטעדט, און ניט אַלע מאָל פֿלעגט אונז קלעקען דער פֿערדינסט אויפֿן עסען, בפֿרט אַז ניט אַלע טאָג האָבען מיר געהאַט אַרבײַט.

מיט גרוים מיה און נאָך אַ סך שוועריגקײַטען איז אונז ענדליך געלונגען צו קומען קײן קראָקוי. דאָ האָבען מיר בעשלאָסען זיך צו בעזעצען ביז מיר וועלען אָנקלויבען דאָס נויטיגע געלד צו דער נסיעה קײן ארץ־ישראל. מיט דער

הילף פֿון אונזערע דאָרטיגע חברים פּועלי=ציון האָבען מיר בעקומען אַרבייט, און זיבען חדשים, זיבען שווערע, לאַנגע חדשים זענען אַריבער, ביז מיר האָבען אָבגעשפּאָרט דאָס נויטיגע געלד און מיר זענען אַוועקגעפֿאָהרען.

---

אַזוי איז געפֿאָהרען יחזקאל ניסאַנאָוו פֿון באַקו קיין ארץ ישראל. אַ גאַנץ יאָהר האָט געדויערט זיין רייזע, אַ יאָהר פֿול מיט צרות, יסורים און העלדען=פֿאַנטאַזיעס פֿון אַרבייט און וואַך און חלום לאַנד פֿון זיינע חלומות...

---

אבנר.

# חאַצקעל.

דאָס איז געוועזען תּשרי=צייט ה'תרס"ח.

אין איינעם פֿון די אָראַנזשען=פּרדסים, וואָס רינגלען אַרום יפֿו פֿון דריי זייטען, אין אַ קליין צימער אויפֿן צווייטען שטאָק האָב איך דאַן געוואוינט.

אַ פּאָר הילצערנע „גאַזע=קעסטלעך", צוזאַמענגעשטעלט ביי די וואַנד, האָבען געדיענט אָנשטאָט אַ שרייבט=טיש, בענק און אַ ביכער=שראַנק; אַ גרויסע אַראַבישע ראָגאָזשע האָט בעדעקט די פּאָדלאָגע, און דאָס איז געוועזען דאָס גאַנצע מעבעל.

שפּעט ביי נאַכט. אַ דונקעל ליכט פֿון דעם קליינעם תּעגג=לעמפּעל בעלייכט דאָס צימער. אויף דער ראָגאָזשע אין מיטען שטוב גרופּירען זיך אין אַ ענגען קרייז פֿינף=זעקס יונגע בחורים; איינינגע זיצען מיט די פֿיס צונויפֿגעלעגט אונטער זיך, אויפֿן אָריענטאַלישען שטייגער; אַנדערע ליגען אויסגעצויגען און האַלב=אויסגעצויגען אויף דער ראָגאָזשע. אַלע זענען טיעף=טיעף פֿערטהון אין אַ געשפּרעך, קיינער בעמערקט גאָרניט ווי די נאַכט לויפֿט אַריבער.

דאָס איז געוועזען די ערשטע זיצונג פֿון חער גרופּע, פֿון וועלכער ס'האָט זיך שפּעטער אויסגעבילדעט דער השומר...

אַ מאָדנע בילד האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט די קליינע גרופּע: דער פֿיהרענדער גייסט האָט געשיינט צו זיין דער עלטערער פֿון זיי — אַ אויסגעשפּראָכענער טיפּ פֿון אַ רוסישען רעוואָלוציאָנער: אַ הויכער יונג מיט לאַנגע שוואַרצע געקרייזעלטע האָר און געגאָלטע וואָנסעס, מיט אַ פֿייערדיגען בליק. מיט אַ מערקווירדיגער קראַפֿט האָבען זיינע ווערטער פֿעהערשט די פֿערזאַמעלטע, הגם זיי זענען נעווען אייפֿאַך און ניט געקינסטעלט. מעהר פֿון די ווערטער האָט געווירקט די גאַנצע פֿיגור און טעמפּעראַמענט פֿון דעם יונגען מאַן, וועלכער האָט שוין זייט דריי יאָהר פֿערביטען די סטודענטען=אוידיטאָריע אויף דעם אַקער=אייזען. זיין גייסט האָט זיך דערמיט ניט בעפֿרידיגט, ער האָט איהם געטראָגען ווייטער, — און ער איז געוואָרען דער פֿאָטער פֿון אַ נייעם געדאַנק, און ער האָט דעם געדאַנק אין לעבען פֿערווירקליכט; ער האָט געגרינדעט דעם השומר.

נעבען איהם זענען געזעסען אַנדערע. דאָס זענען געווען פּשוט'ע אַרבייטער— אַרבייטער נאָך פֿון דער היים. יעדער בעזונדער איז אָבער געוועזען אַ וועלט פֿאַר זיך. אָט איז אַ ברייט=פּלייציגער, ביינערדיגער פּעסאַראַבער בחור מיט אַ דורכגעטריבענעם שמייכעל אויף די ליפּען. זיינע קורצע, שאַרפֿע פּראַקטישע בעמערקונגען ווייזען אַרויס אַ געבוירענעם שאַרפֿזין און אַ פֿעהיגקייט זיך שנעל צו אָריענטירען אין

די פֿראַזיקעלטסטע סיטואַציעס. אַט איז נאָך אַ אַנדער טיפּ: אַ פֿעסט-געבויטער יונג מיט בלאָנדע האָר און בלויע אויגען מיט אונגעשיקטע באַוועגונגען. דאָס איז אַ סיבירער יונגעל, אַ האַלבער גר לויט זיין אַבשטאַמונג, אָבער דאָך אַ גאַנצער ניטצוקאַליעטשעטער נאַטור-ייִד. זיינע ווערטער זענען אָבגעריסענע, זיין ייִדיש איז אַ גוי'אישער, אָבער זיין געדאַנק איז פֿעסט און שטאַרק ווי שטאָל. ער ווייס ניט פֿון קאָמפּראָמיסען און האַלבע מיטלען.

פֿון דער גאַנצער קאָמפּאַניע האָט זיך נאָר איינער וועניג אַריינגעמישט און געשפּרעך. דאָס איז געוועזן אַ נידריגער מאָגערער בחור מיט פּעך-שוואַרצע האָר, מיט אַ שאַרפֿען אָדלער-בליק. שטיל איז ער זיך געזעסען אַ ביסעל אָן אַ זייט און האָט אויפֿמערקזאַם זיך צוגעהערט צו אַלעם, וואָס איז דאָ אַרויסגעזאָגט געוואָרען. אפשר האָט ער געהאַלטען פֿאַר איבעריג צו רעדען וועגען דעם, וועגען וואָס ער האָט יאָהרען לאַנג געטרוימט אין זיין הארץ; און אפשר זענען איהם בכלל לאַנגווייליג געווען ווערטער. צו היציג איז געוועזן זיין טעמפּעראַמענט, וועלכער האָט געגאַרט נאָך מעשים. אויב אָבער ער אַליין האָט די גאַנצע צייט געשוויגען, האָט דערפֿאַר דאָס קאַווקאַזישע פֿייער אין זיינע אויגען גערעדט און ענטדעקט סודות פֿון זיין נשמה.

דאָס איז געוועזן יחזקאל ניסאַנאָוו, אָדער ווי מיר פֿלעגען איהם פּשוט רופֿען צווישען זיך: חאַצקעל.

---

שוין באַלד צוויי יאָהר ווי ער איז געקומען צו אונז פֿון די בערג פֿון קאַווקאַז. פֿון חיפה, וואוהין ער איז אָנגעקומען, איז ער מיט אַ גאַנצער גרופּע, וועלכע איז צוזאַמען מיט איהם געקומען, אַוועק קיין זכרון-יעקב. אין דער קאָלאָניע האָט ער אָנגעהויבען צו אַרבייטען ביי ערד-אַרבייט.

זיין אונרוהיגער גייסט און זיין ברענענדיגער טעמפּעראַמענט האָט איהם אָבער ניט געלאָזט בלייבען ביי געוועהנליכער ערד-אַרבייט. דער געדאַנק וועגען דער ייִדישער וואַך האָט איהם ניט געלאָזט רוהען, — און ער איז געוואָרען איינער פֿון די גרינדער פֿון השומר.

אומקעהרענדיג זיך נאָך דער יפו'ער פֿערזאַמלונג קיין זכרון-יעקב, האָט חאַצקעל בעשלאָסען צו געהן קיין גליל. דאָרט, אין איינער פֿון די גליל'ער פֿאַרמס, האָט זיך פֿערווירקליכט דער טרוים פֿון זיין לעבען; די ייִדישע וואַך איז געוואָרען אַ ווירקליכקייט, און איינער פֿון די ערשטע ייִדישע שומרים אין גליל התחתון איז געוועזן יחזקאל ניסאַנאָוו.

חאַצקעל האָט זיך איבערגעגעבען דער וואַך מיט זיין גאַנץ לעבען, מיט'ן גאַנצען פֿייער פֿון זיין מזרח-נשמה. אַ פֿיהרער און אַ סאָלדאַט אין איין אין דערזעלבער צייט איז חאַצקעל געוועזן. קיין שום אַרבייט איז פֿאַר איהם ניט געוועזן שווער: אויפֿנעמען נייע שמירות, בעאַרבייטען נייע באָדענס, אויסשטעהענדיג די גרעסטע געפֿאַהרען. חאַצקעל'ס מוט און שרעקלאָזיגקייט זענען געוואָרען מוסטערהאַפֿט. ער האָט וועניג גערעדט, דערפֿאַר האָט זיך אָבער ביי איהם דאָס וואָרט ניט אָבגעטיילט פֿון מעשים, וואָרום ער איז געוועזן דער מענש פֿון מעשים.

פּסח-צייט אין יאָהר תרס"ט האָב איך זיך מיט חאַצקעל'ען בעגעגענט אין גליל. פֿון דער קאָלאָניע יבנאל (יעמאַ) זענען מיר קיין סעדזשערא געגאַנגען, צוזאַמען מיט אייניגע חברים און חברות. ווי נאָר מיר זענען פֿאַרבייגעגאַנגען דאָס אַראַבישע דאָרף סאַראַנאַ האָט אָנגעהויבען צו שפּריצען אַ קליינער, דראָבנער רעגען — דער

מלקוש (שפּעט־רעגען). אַרום אונז איז אַ אָפֿענע געגענד; בלויזע פֿעלזען מיט שיטערע ביימער, קיין שום היזלעך אָחער ביידלעך זעהט מען ניט, וואו צו בעהאַלטען זיך איז ניטאָ. אַ ברירה האָבען מיר — געהען מיר ווייטער. מיר זענען שוין דורכגענעצט דורך־און־דורך. דערווייל בעווייזען זיך פֿון דערווייטענס שטיינערנע כאַטקעס פֿון טשערקעסישען דאָרף כפר־קמה. איך וויל שוין פֿערקערעווען אין דאָרף אַריין, כדי זיך אַביסעל אויסצוטרוקענען פֿון רעגען. נאָר דאָ האָט זיך יחזקאל שטאַרק איינגעשפּאַרט. וואָס איז? שווייגט ער. לסוף לאָזט זיך אויס אַ קליינינקייט: זיין ברודער האָט ניט לאַנג געהאַט אַ שטיקעל צוזאַמענשטויס מיט טשערקעסען, און האָט ביי איינעם פֿון זיי אַ ביקס צוגענומען, טאַקע די זעלבע ביקס, וואָס ער, חאַצקעל, טראָגט איצט אויף די פּלייצעס. פֿערשטעהט זיך, אַז ווען די טשערקעסען וועלען דערזעהן זייער ביקס ביי אונז, וועט אונז שוין מעהר ניט פֿעהלען...

דורכגעווייקטע, דורכגענעצטע האָבען מיר פֿאָרטגעזעצט אונזער וועג, אויסמיידענדיג דאָס טשערקעסישע דאָרף, צוליעב וואָס אונז איז אויסגעקומען צו געהן אַ שפּאָרען מהלך לענגער...

די לעצטע טעג פֿון זיין לעבען האָט חאַצקעל פֿערבראַכט אין מרחביה, וואו ער האָט אַנטייל גענומען אין דער בעאַרבייטונג פֿון נייעם באָדען. איינמאָל איז ער געפֿאָהרען צוזאַמען מיט נאָך אַ חבר קיין יבנאל אויף אַ וואָגען, געשפּאַנט צו מוילאייזלען. דער וועג געהט פֿאַרביי דאָס אַראַבישע דאָרף סאַראַנאַ, וועלכעס שטעהט אויף אַ שפּיץ באַרג. פֿון דאַנען לאָזט זיך דער וועג אַראָב צו דער יודישער קאָלאָניע און דרעהט זיך אין זיגזאַגען פּונקט ווי אַ שלאַנג ביי דער זייט פֿון באַרג. אַ שטייפֿע ווערטיקאַלע פֿעלזען־וואַנד הויבט זיך אויף פֿון איין זייט; פֿון דער צווייטער — לויערט אַ טיעפֿער אַבגרונד פֿון אונטען. איין פֿאַלשער טריט, איין שפּרונג פֿון חער פּרדה — און דער וואָגען מיט די פּאַסאַזשירען פֿאַלט באַלד אַריין אין אַ תהום.

די רויבער האָבען אַרויסגעקוקט פֿון אויבען פֿון אַראַבישען דאָרף. ניט בעמערקטערהייט האָבען זיי זיך אַראָבגעלאָזען און איבערגעשניטען דעם וועג. פֿון איין אָרט, וואו דער וועג פֿערקערעוועט זיך, זענען זיי פּלוצלינג אַרויסגעשפּרונגען און אָנגעשטעלט די ביקסען אויף יחזקאל'ען. די צושראָקענע פּרדות האָבען זיך אַ וואָרף געטהון, שיער דעם וואָגען ניט איבערגעקעהרט און מיט אַמאָל זיך אָבגעשטעלט. די אַראַבישע באַנדיטען האָבען פֿערלאַנגט די פּרדות און דאָס געוועהר.

די פֿאָדערונג אַליין איז שוין פֿאַר חאַצקעל'ען געוועזען אַ בעלייריגונג. ווען עס פֿלעגט זיך אַמאָל טרעפֿען, אַז מ'האָט ביי אַ קאָלאָניסט אַוועקגערויבט אַ בהמה, פֿלעגט איהם יחזקאל שטענדיג פֿאָרוואַרפֿען: „דו ביסט לעבען געבליבען, און די בהמה איז ניטאָ—שעהמען מעגסט דו זיך!“.

מיט אַ קללה פֿון פֿעראַכטונג האָט האַצקעל געענטפֿערט אויף די פֿאָדערונג. ער האָט אַרויסגעשטעלט זיין רעוואָלווער און האָט געהייסען זיין חבר נ. אַנטרייבען די פּרדות מיט אַלע כחות. אויף איין מאָמענט זענען די אַראַבער איבערראַשט געוואָרען פֿון דעם אונערוואַרטעטען ווידערשטאַנד און זיי זענען אָבגעטרעטען. אין אַ מינוט אַרום האָבען זיי זיך אָבער צוריק געכאַפּט און אָנגעהויבען צו שיעסען פֿון די ביקסען. האַצקעל האָט פֿון זיין זייט בעוויזען נאָר איין מאָל אָחער צוויי מאָל צו ענטפֿערן. די אַראַבישע קויל האָט איהם גלייך געטראָפֿען אין קאָפּ און געעפֿענט חעם שאַרבען. ער איז מאָמענטאַל געפֿאַלען אויפֿן וואָגען. אין דער זעלבער צייט

האָט נ. מיט אַלע זײַנע קרעפֿטען געטריבען די מויל־עזלען, און האָט אפילו ניט בעמערקט ווי חאצקעל'ס האנד האָט זיך פֿערפלאָנטערט צווישען דעם וואָגען און די רעדער.

ווי משוגע האָבען זיך די פרדות געטראָגען בארג אראָב, צו בית־גן. און עטליכע מינוטען איז שוין דער וואָגען געווען אין דער קליינער קאָלאָניע. ערשט איצט האָט זיך דער חבר נ. ארומגעזעהען, אַז יחזקאל ניסאַנאָוו איז טויט...

* * *

אַ שווערע טראגעדיע האָט זיך אָבגעשפּילט בײַם טויטען קערפּער, בעת חאצקעל'ס מוטער האָט זיך דערוואוסט וועגען דעם שרעקליכען אומגליק.

שטיל איז צוגעגאנגען די אַלטע שטאָלצע יודישע טאָכטער פֿון קאווקאז צו איהר זוהנ'ס קערפּער. קײַן קרעכץ האָט זי ניט ארויסגעגעבען, קײַן טרעהר האָט זיך אין איהרע אויגען ניט בעוויזען, אַ טויטע שטילקײַט האָט אַלע בעהערשט.

— האָט חאזקיאל (יחזקאל) נקמה גענומען פֿון זײַנע מערדער? — איז געווען איהר איינציגע פֿראגע.

מ'האָט איהר דערצעהלט, אַז חאצקעל האָט פֿאר'ן טויט געשאָסען אויף זײַנע מערדער און האָט איינעם פֿון זיי שטארק פֿערוואונדעט.

אַ שארף פֿײַער האָט זיך אין איהרע אויגען אָנגעצונדען, און איהרע ליפּען האָבען שטיל געשעפּטשעט:

— ברוך השם... ברוך השם...





## צבי באַרטאַנאָווסקי.

געוועזן אַ אַרבײַטער אין יהודה. די לעצטע טעג איז ער געוועזן שומר אין סערזשערא. בעת ער איז געגאַנגען פון דער וואַך האָבען איהם אונבעקאַנטע אַראַבישע רײַטער פערוואונדעט און דעם זעלבען טאָג, י״ט תמוז ה׳תרע״א, איז ער געשטאָרבען.

# צבי באַרטאַנאָווסקי.

אין יאָהר תרע״א איז ער געקומען פון יהודה קיין יבנאל (יעמא) אין דער צייט פון גורן (די ארבייט אויפן תבואה־שייער). די ארבייט אין די קאָלאָניעס פון יהודה (ראשון און רחובות) האָט איהם ניט בעפרידיגט און ער האָט געוואָלט אומבייטען זיין לעבען און ווערען א שומר אין גליל.

צוערשט האָט ער עס געוואָלט טהון אויף זיין אייגענער פעראנטוואָרטליכקייט. ווייסענדיג, אז דער „השומר“ האָט בעשטראָפט סעדזשערא, אראָבנעמענדיג אויף א יאָהר־צייט די וואַך פון איהר, און אז צו דער זעלבער צייט איז דאָס ניט קיין בּאָיקאָט, נאָר א שטראָף — האָט ער געוואָלט געהן פרובען צו וועכטעווען דאָרט אליין. ער האָט זיך בעראַטען מיט איינעם פון די שומרים, וועלכער האָט איהם אָבגערעדט דערפון, צוליעב דער געפאַהר מצד די שכנים, וועלכע זענען געבליבען שונאים, ניט קוקענדיג אויפן שלום־אָבמאַך, וועלכען מ'האָט ניט לאנג מיט זיי געשלאָסען (ניט אָנפרעגענדיג ביים „השומר“).

צבי האָט אָבער ניט געפאָלגט און געטהון זיינס: ער האָט זיך געשטעלט וועכטעווען אין סעדזשערא. איהם איז אָבער ניט בעשעהרט געווען לאנג צו זיין שומר.

אין 7 טעג ארום, געהענדיג פּאַרטאָגס אהיים פון זיין וואַך, האָט ער פון דער־ווייטענס דערזעהען אראַבישע רייטער, וואָס גנב'ענען תבואה. ער איז גלייך געלאָפען צו זיי, און זיי האָבען אויף איהם באלד געשאָסען און פערוואונדעט.

די וואונד איז ניט געווען געפעהרליך. מ'האָט נאָר געדאַרפט איינהאלטען דאָס בלוט. עס איז אָבער אויפן אָרט ניט געווען קיין דאָקטאָר. ביז מ'האָט געבראַכט פון יעמא די דאָקטאָרין האָט געדויערט גאנצע אַכט שעה.

צבי באַרטאַנאָווסקי איז איינפאַך אויסגעגאנגען מיט בלוט.

---



## יצחק אחדותי,

געבוירען געוואָרען אין ירושלים און האָט געאַרבייט אַלס זעצער אין דער דרוקעריי „האחדות". פון ירושלים איז ער אַוועק קיין גליל און האָט זיך געשטעלט אַרבייטען אין קאָאָפּעראַטיוו אין מרחביה. י"ד אייר ה'תרע"ב איז ער אויף אַ אונגליקליכען אופן אַראָבגעפּאַלען פון אַוואָגען מיט תבואה און איז דער'הרג'עט געוואָרען אויפ'ן אָרט.

זרבבל.

# זכרונות.

א לעבעדיגע, מונטערע, שטימונגס=פולע צייט איז דעמאלס געוועזען. די פארטיי=בעראטונג פון פסח תר"ע האט בעשלאסען אנצוהויבען ארויסגעבען אונזער צייט=שריפט „האחדות", דעם ערשטען סאציאליסטישען ארגאן אין ארץ=ישראל, אין ירושלים, אין העברעאיש. ס'האבען זיך געוועבט חלומות וועגען א ברייטער קולטור=ארבייט: רעגעלמעסיג רעדען צו די ברייטערע פאלקס=מאסען אין דער שפראך פון זייערע לעבענס=נויטען און פראבלעמען, וועקען דאס בעוואוסטזיין, ארגאניזירען דעם ווילען, פערפלאנצען געזונדע אידעען פון סאציאלען און נאציאנאלען שאפען אויפן באדען פון אלט=ניי=לאנד, אויפרודערן און קרעפטיגען דעם יודיש=סאציאליסטישען געדאנק... געלד איז געוועזען וועניג, ארבייטס=חשק און קאמפפס=שטימונג—א סך. און מיר זענען שוין צוגעטרעטען צו די לעצטע הכנות פאר'ן ערשיינען פון דער צייט=שריפט. מיר האבען זיך געשאפען א דרוקעריי, וואס זאל פערזיכערן די צייטשריפט און אגב ווערען א עקאנאמישע פאזיציע פאר די ארבייטער אין ירושלים. ס'איז געוועזען דער געדאנק: צו קאנצענטרירען אין דער דרוקעריי א פאר פון די בעסערע ארבייטער=טיפען פון אלטען ישוב, דערנעהנטערן זיי צו אונזערע קאמפפס=אידעאלען, און דורך זיי אויך בעקומען דעם צוטריט צו די ברייטערע, אבגעשטאנענע און דערווייטערטע פון אונז ארבייטער=עלעמענטען פון ירושלים. קליין איז אבער געוועזען אונזער „דרוקעריי", א פאר פוד שריפט און איין קאסטען. אין א קליינעם, האלב דונקעלען צימער ביי אונזערען א חבר אין דער שכונה „זכרון=משה" האבען מיר זי איינגעארדענט און לעת עתה אנגעשטעלט איין פרעמדען ארבייטער.

א מארגענס איינדרוק האט ער אויף מיר געמאכט די ערשטע טעג. א מאגער, זעכצעהן=יעהריג בחור'ל, טאקע א ירושלימ'ער א געבוירענער, אנגעטהון עטוואס אויפן אלטען שטייגער, אין א לענגערען רעקעל, אויפן קאפ א יארמאלקע און אונטער'ן וועסטעל א טלית=קטן. נאר א פאר אויגען האט ער פערמאגט, שארפע, שווארצע, ברענענדיגע, און א ממזריש=פערשייטער בליק האט פון זיי תמיד ארויסגעקוקט. ס'האט זיך געדוכטען, אז ער בעטראכט דיך אזוי איראניש און לאכט זיך אויס גאנץ שעלמיש פון דיר. אין דער זעלבער צייט איז דאס געוועזען א פרעהליכער קוק, און ס'האט זיך געוואלט גלייך ווערען מיט איהם היימיש. פון דער זייט פלעגט ער זיך צוקוקען צו אונזער חברה. אליין איז ער אויסגעוואקסען אין גאר א אנדערער אטמאספערע פון די „פאטריארכאלישע" ארבייטס=בעציהונגען אין די ירושלימ'ער דרוקערייען, אהן א בעשטימטער ארבייטס=צייט, אהן א זיכערען ארבייטס=לוין און אהן שום אינטערעס צום געדרוקטען ווארט. האט ער זיך צו אונז צוגעקוקט מיט א נייגיריגקייט, שווייגענדיג, מיט'ן שמייכעל און בליק.

די ארבייט האט אונז פערכאפט אינגאנצען; זי האט זיך געטהון אזוי לייכט, פריי, זינגענדיג און יצחק האט זיך געצויגען מיט זיין אונמיטעלבארער אויפריכטיגער פרישקייט און פרעהליכקייט צו אונזער חברה. אין זיין ביז=איצטיגער פערגליווערטער סביבה איז איהם געוועזען קאלט, אומעטיג, און ער גיט זיך אב דעם נייעם לעבענס=שטראם. פערשוואונדען דער טלית=קטן, ס'האט זיך אויפגעדעקט דער שווארצער קאפ האר; ער האט אנגעהויבען בעזוכען פערזאמלונגען און איז געווארען א „אונזעריגער". די דרוקעריי האט זיך שוין אריבערגעצויגען אין א גרעסערע דירה,

ס'ארבייטען שוין פינף=זעקס ארבייטער, און יצחק וואקסט צוזאמען מיט דער ארבייט. ער ווירקט אין זיין אלטער סביבה. זיינע אמאליגע חברים וואונדערען זיך אויף איהם און אינטערעסירען זיך מיט זיינע נייע חברים. ס'בּרעכט אויס א שטרייק אין א דרוקעריי. דער בעל=הבית וויל ניט לאזען זיינע ארבייטער געהן בעזוכען דעם „בית=העם“ און דעם ארבייטער=קלוב. די ארבייטער פּראטעסטירען, ווארפען די ארבייט. מען דארף זיי ארגאניזירען, שטיצען די פאמיליאנטען, געבען ארבייט, פערראיניטערעסירען די געזעלשאפטליכע מיינונג. די דרוקעריי אונזערע קומט צו=נוץ. די שטרייקער בעקומען דארט ארבייט. מ'לאזט ארויס אויפרופען. יצחק גיט זיך אב מיט זיין גאנצען הייסען טעמפעראמענט דער זאך, און אין די קריטישסטע, ערנסטעסטע מאמענטען טראגט ער ארויין מונטערקייט און פרישקייט.

ער טהוט אלץ, וואס ס'איז נויטיג, נאר רעדען רעדט ער ווייניג. זיין בליק איז שוין ערנסטער, און דאך שטעקט נאך אין איהם א סך שטיפערישקייט. ער לעזט א סך, ער הערט זיך צו צו אלץ און איז פעראינטערעסירט אין דער צייטונג. זי איז זיינע, א אייגענע. די צייטשריפט ערשיינט שוין וועכענטליך, און יצחק הארעוועט, זי זאל ערשיינען צו דער צייט. ענדיגט ער זיין ארבייט אין דער דרוקעריי, לויפט ער צום איינבינדער, און שפעטער העלפט ער זי פערשפרייטען.

אט קומט חנוכה. ס'איז שוין ביי אונז א מנהג פון יאהרען צו מאכען חנוכה—לאטקעס ביי אונזערען א חבר אין „גבעת=שאול“ — א גרינס=קאלאניע, א שעה גאנג פון ירושלים. ווילט זיך זעהר, אז צום יום=טוב'ל זאל ארויס דער פרישער נומער „האחדות“, דער ערשטער חנוכה=נומער. ארבייט מען ביי נאכט, שטעלט מען צו נאך ארבייטער. מ'יאגט. די נאכט פאלט צו, דער נומער איז שוין אין פרעס. די חברים זענען אלע אוועק קיין „גבעת שאול“. איך בלייב ווארטען אויפן נומער. יצחק איז אויך מיט מיר. נעה, חברה=מאן, רוה זיך אב. ווייס איך וואס? ! געפאקט די פרישע, מיט פארב און דרוק=שמעקענדיגע בויגענס און מיר שפאנען צום איינבינדער. מיר לאזען זיך אראב אין די אלטע שטאדט, היפּערן איבער א סך טרעפּלעך, וואס פיהרען אין די שמאלע, שמוציגע, פערשאטענע געסלעך און פליהען ארויין צום איינבינדער. די ארבייטער זענען שוין אוועק, ס'איז שפעט. ערשט מארגען אין דער פריה. א פיינער עסק, כ'לעבען. מ'מוז דאך כאטש א פּאר צעהנדליג נומערען גלייך פארטיג מאכען. מילא, ניטא קיין ברירה. מיר מאכען ניט קיין שהיות, ווארפען אראב די רעקלעך, פערקאטשען די ארבעל, און די ארבייט געהט. ביי יצחק'ן ברענט עס אונטער דער האנד. אט קנייטשט ער די בויגענס, פּאקט ארויין אין די הילע, נעהט אויף דער מאשין און שנייט ארום די ברעגעס. א ווארף געטהון א ויצעל, א שמייכעל, א אויגענוואונק, גע'פטר'ט !- מיר האבען די נומערען און מיר לאזען זיך אוועק איילינג צו גבעת=שאול. צוערשט הויבען מיר זיך בארג ארויף העכער און העכער. מיר זענען פערשוויצט און לויפען. אט זענען שוין די לעצטע הייזער פון דער שטאדט, דער מושב=זקנים, דאס משוגעים=הויז — א ווייטע וועלט האט זיך אויפגערעקט. דורכזיכטיג און ווארם איז די חנוכה=נאכט אין ירושלים. טיעף בלויע זענען די הימלען, וואס האבען זיך אויסגעשפּרייט איבער אונזערע קעפּ און זענען אויסגעזעצט מיט מיליאנען העל=פינקעלדיגע שטערען. אויף די ארומיגע בערג און אין טהאל אונטען ווייזען זיך און וינקען פייערלעך. ס'בלאזט א פריש ווינדעל. די ברוסט בעוועגט זיך שטארקער, פרייער. מיר שטעלען זיך אב. אונטען, אין טהאל, ליגט גבעת=שאול. איין הויז איז מעהר בעלויכטען. דארט איז אונזער חברה. מ'ווארט אויף אונז. איך גיב א

קוק אויף יצחק'ן. ער איז א אנדערער געווארען. אין זיינע אויגען שטראהלט א ענטציקונג, א שמחה. אבער דאך געבראכט דעם נומער! ס'איז זיין שטיק ארבייט, אמת!

ס'טראגען זיך פון אונטען זינגענדיגע קלאנגען, מיר ווארפען א בליק ארום זיך, שעהן און יום־טוב'דיג. מיר שפרינגען פון איין פעלז אויפן צווייטען, אריין אין צימער, די צייטונג אין דער האנד. א שטארקער, מונטערער „הידד" בעגעגענט אונז. לחיים, מ'כאפט א שנעפסעל, האנד צו אקסעל, א ניגונ'דעל, און דער עולם איז אין ראד. יצחק איז ארויס פון די כלים! ניטא זיין שעהמעוודיגקייט און שוויי׳גזאמקייט. ער זינגט און טאנצט און מיר הידוש'ען זיך אויף איהם: פון וואנען נעמט זיך עס צום ירושלים'ער בחור אזוי פיעל לעבענס־לוסט, אזוי פיעל פרישקייט און מונטערקייט!

ס'איז אוועק א יאהר אנדערהאלבען, די לופט האט א ציטער געטהון. אין רעדאקציע פון „האחדות" קומען אן טעלעגראמעס איינע דריקענדער פון דער אנדערער. אין סעדזשערא געהרג'עט א שומר. אונטערגעצונדען דעם שייער. אנגעפאלען אויף א יודישען רייטער. אין בית־גן געוואלט אונטערצינדען דעם שייער, אין מרחביה אונרוהיג: ס'וואקסט א געפיהל פון פערדרוס, פערביטערונג. ס'ציהט אהין. צום גליל, נעהנטער צו דער סכנה. ניט שטעהן פון דערווייטענס. ניט לאזען פער־יתומ'ט די יודישע פעלדער... ס'שטיקט די שטאדטישע לופט, ס'פאלט די ארבייט פון די הענד. וואס פאר א טעם האט זי, אז דארט אין גליל ווערט פערגאסען אונזער בלוט און ס'ווערען שיטערער די רייהען. דער חבר יוסף, וועלכער ארבייט אין דער דרוקעריי, ערקלערט, אז ער פאהרט קיין גליל ווערען א שומר. יצחק שווייגט, נאר זיין מאטאווע פנים איז געווארען נאך דונקעלער, און דאס פייערעל אין די אויגען שארפער. ס'זענען אריבער צוויי טעג. יוסף איז שוין פארטיג צום פאהרען, ערשט פלוצלינג — יצחק פאהרט אויך. אין דער היים די מאמע וויל ניט, זי האט מורא, אזא צייט! ווער ווייס, די שעה זאל ניט זיין, נאר יצחק האט זיך איינגעעקש'ענט. ער קאן איצט מעהר ניט בלייבען אין דער שטאדט, ער וויל זיין אין גליל.

מיר פאהרען צו דער באהן. „נו, וואס טהוט מען", ווענדעט ער זיך צו מיר, „איך וויל זיך א נאמען געבען און קאן ניט געפונען". האסט זיך דאך שוין א נאמען געגעבען בן־שפרה? — „ס'זאגט גארניט. כ'וויל עפיס א נאמען, וואס זאל בלייבען א זכר פון דער לעצטער צייט, פון מיין ארבייט מיט אייער חברה", און ווידער דוכט זיך מיר, אז ער איראניזירט איבער מיר. ער שטעהט אבער צו צו מיר. לעג איך איהם פאר דעם נאמען „אחדותי". ס'דערמאהנט אן די דרוקעריי, אן די צייטונג, אן די איינינקייט פון די ארבייטער. יא, ס'געפעלט איהם. מ'קלינגט אין גלעקעל, מיר צוקושען זיך, דער צוג ריהרט זיך פון ארט, לאנגזאם, לאנגזאם, דרעהט זיך ווי א שלאנג, א קעהר אוועק אין א זייט, דער לעצטער וואגאן איז פערשוואונדען, און יצחק אחדותי איז שוין אויפן וועג קיין גליל.

ער איז נאך יונג געוועזען, איז ער אוועק אין די קאאפעראטיווע ארבייטער־געזעלשאפט אין מרחביה. אין א יאהר איז מיר אויסגעקומען צו זיין דארט. אין אווענד, ס'איז שוין נאך דער ארבייט, מיר זיצען אין דער קוך ארום די לאנגע טישען און מ'כאפט א שמועס וועגען פאקטען און ערשיינונגען פון ארבייטער־לעבען. דער ברומט א ניגונ'דעל, יענער טופעט צו מיט א פוס, איך זוך יצחק'ן. ער איז אונטער־געקומען שפעט פון פעלד. איך האב איהם כמעט ווי ניט דערקענט. העכער געווארען, ברייטערע פלייצעס, א שטארקערע ברוסט, מענליכער, פערברענטער. א פאר

מינוטען האָבען מיר זיך אָנגעקוקט. איך פֿערוואונדערט, ער שטיפֿעריש, און שוין קלינגט זײַן זילבערן געלעכטער און פֿיעלט אָן אלע ווינקעלעך. ער איז דער ליעבלינג פֿון קאָאָפּעראַטיוו. אַ פֿלינקער אַרבײַטער, אַ האַרציגער חבר און אַ לעבעדיגער יונג האָט ער זיך ליכט און שנעל אײַנגעלעבט אין דער אַרבײַטער־סביבה און איז אַרײַנגענומען געוואָרען אַלס מיטגליעד אין קאָאָפּעראַטיוו. דאָ, אין מרחביה, איז ער אויך געוואָרען אַ אָפֿיציעלער חבר פֿון חער פּאַרטײ. איהם ווילט זיך שטאַרק זײַן אין ירושלים, זיך זעהען מיט די אַנדערע אַרבײַטער פֿון אַלטען ישוב, פֿעראינטערעסירען זיי מיט'ן נײַעם דאָרפֿישען לעבען. ער פֿיהלט זיך גוט. די אַרבײַט שטאַרקט איהם פֿיזיש און גײַסטיג. מ'דאַרף זעהן שיקען אהער וואָס מעהר בעוואוסטזיניגע ערנסטע חברים — ס'איז דאָ אַ סך צו טהון. שוין ניטאָ אין איהם קײַן שפּור פֿון אַמאָליגען זעצער. אַ נײַער מענש. ער הויבט דאָך אײַגענטליך ערשט אָן צו לעבען.

דער ערשטער מאַי אין ירושלים. פֿערזאַמלונגען בײַ די תימנים, בײַ די אשכנזים, אַ גרויסער מאַסען־מיטינג אונטער'ן פֿרײַען הימעל, ס'איז גוט צו רעדען אין ירושלים וועגען דער נײַער וועלט פֿון אַרבײַט און פֿרײַהײַט. ווײַס, מיט לבנה־שײַן בעגאָסען, איז די נאַכט, דורכזיכטיג און פֿריש איז די לופֿט. דאָס סאָציאַליסטישע וואָרט קלינגט אַזוי שטאָלץ אין העבראַאיש, און דער עולם הערט זיך אײַן פֿערגאַפּט. נאָך די רעדעס הילכען רעוואָלוציאָנערע אַרבײַטס־ליעדער, ס'וועקט זיך אַ שטאַרק געפֿיהל פֿון אַרבײַט און שאַפֿען. ס'וואַקסט די שמחה — אַ מאַי־נאַכט אין ירושלים. און צום סוף דאָס ארץ־ישראל'דיגע ריקוד'על. אַלע האָבען זיך בעהעפֿט און צונויפֿגעפֿלאָכטען, ס'בעוועגט זיך אַ מענשען־כוואַליע, די טענער ווערען שטאַרקער, די פֿיס ריהרען זיך פֿלינקער, די פּנים'ער שטראַהלען פֿון שמחה. דאָס אַלטע ירושלים איז בענײַט — נײַע מענשען, נײַע ליעדער, נײַע צײַטען — אַ נײַע וועלט שאַפֿט זיך. אין יפֿו איז דער מאַי־יום־טוב אריבער נאָך געהויבענער. מעהר אַרבײַטער, אין אײגענעם אַרבײַטער־קלוב, געסט־פֿערטרעטער פֿון דער אַלוועלטליכער פּועלי־ציון־בעוועגונג. איז קאָנקרעטער די אײניגקײַט פֿון יודישען אַרבײַטער־קלאַס, ווערען קלאָרער זײַנע רעוואָלוציאָנערע אויפֿגאַבען אין דער גאַנצער וועלט.

פּלוצלינג — אַ טעלעגראַמע פֿון גליל. ס'פֿערכאַפּט דער אָטעם, יצחק אחדותי איז גע'הרג'עט. געפֿיהרט דעם ערשטען וואָגען תבואה פֿון ערשטען שניט אין דער ערשטער קאָאָפּעראַטיווער אַרבײַטער־גענאָסענשאַפֿט אין דעם ער־שטען דאָרף אין עמק יזרעאל. האָבען די מויל־עזלען געטראָגען באַרג־אַראָב, האָט ער זיך אַראָבגעגליטשט אויפֿן וועג, און די פּרדות מיט'ן שווער־אָנגעלאָדענעם וואָגען זענען אריבער איבער איהם. און זײַן בלוט האָט בענעצט די געשניטענע יודישע תבואה.

געלעבט—געאַרבײַט. געשטאָרבען — דאַרף די אַרבײַט פֿאָרטגעזעצט ווערען. זײַנע ירושלימ'ער חברים זענען מקנא זײַן לעבען, און זיי פֿערלאָזען די פֿינסטערע שמוציגע געסלער, די שטאָדט, און זיי געהען קײַן גליל.

איך בין ווידער אין מרחביה. איך געה צו יצחק'ס קבר. כ'קלעטער אויפֿן „קליי־נעם חרמון“. אַט באַלד ענדיגט זיך דער יודישער באָדען. איך שטײג העכער און העכער. דער עמק יזרעאל עפֿענט זיך און שפּרייט זיך אויס פֿאַר מיר. די בערג, וואָס צוימען איהם אַרום, רוקען זיך אַוועק. אַ גרין, בליהענדיג פֿעלד. אַט ווײַזט זיך אַ שטײן איבער מיר. איך שטעה שוין בײַ איהם. פּה נקבר יצחק אחדותי... דער ערשטער יודישער קבר אין עמק יזרעאל. האָט שוין מרחביה אַ אײגענעם בית־עלמין. ווערט

היימישער, בעוואוינטער חער פלאץ. וועט זיך ארבייטען געשמאקער. וועט דאס פערגאסענע בלוט ניט לאזען רוהען, און די האנד וועט זיין זיכערער.

געשטארבען אחדותי. געבליבען דער נאמען. דערמאהנט אן די דרוקעריי, אן די צייטונג, אן די איינינקייט פון די ארבייטער.

---

אבטליון.

# צווישען זאנגען.

די נאכט איז געווען א זומערדיגע, א אויסגעשטערנטע. אויבען איז געשוואומען א פולע, העלע לבנה און האט בעשיינט די ברייטע פעלדער פון מרחביה. ס'האט א בלאז געטהון א קיהל ווינדעל און בעוועגט די פולע זאנגען. און דער לופט האט זיך געטראגען דער געשמאקער ריח פון פולע צייטיגע זאנגען, וואס האבען זיך אויפגעהויבען הויך איבער'ן פעלד און זיך שוין גענומען בויגען צו דער ערד.

עס איז געווען א פאר טעג פאר'ן שניט.

אויף א קליינעם שטעגעלע, אן א זייט פון דעם מרחביה'זער ארבייטער-הייזעל, בין איך פאמעליך מיט יצחק'לען ארומגעגאנגען און געשמועסט, דערמאהנט זיך אן א מאליגע טעג.

ס'איז שוין געווען א פאר שעה אין דער נאכט און דאס קליינע מרחביה'ער ארבייטער-געזינדעל האט שוין לאנג גערוהט נאך דעם הייסען, שווערען ארבייטס-טאג.

— נו יצחק'על ווי געהט עס דיר דא אין מרחביה?

נאר יצחק'ל האט ניט געענטפערט. בלויז א שמייכעל געטהון, א שמייכעל פון צופריעדענהייט. מיר זענען געגאנגען. דאס געשפרעך האט אונז פערפיהרט ווייט, ווייט פון דאנען.

אט זעה איך איהם, יצחק'לען, אין יענע ענגע, שמוציגע געסלעך פון ירושלים, פערזאומערט, בעטריבט. ער בלאנקט ארום איבער חער אלטער שטאדט. ער זוכט ארבייט. שווער צו געפונען אין ירושלים. נאר — ער געפונט. ער ארבייט. א פינסטערע, שמוציגע דרוקעריי. די שטיקענדיגע לופט וויל פער'סמ'ען זיין יונגינקען קערפער, און א טיעפער טרויער בעהערשט איהם. נייע חברים. נייע ליעדער. א רוף צו א פרייען געזונדען לעבען ביי דער ערד פון פאטערלאנד. און יצחק פערטראכט זיך ניט לאנג. עס ציהט איהם, דאס יונגע קינד פון דער אלטער שטאדט, ארויס פון די שמאלינקע געסלעך, ארויס צו דער פרייער נאטור. ער איז דאך אזוי יונג, אזוי פריש און מונטער. איז דען ניט זיין ארט דארט, צווישען די פעלדער?!

איך עפען אויף מיינע אויגען — יצחק'ל צווישען די זאנגען פון מרחביה...

די לבנה איז שוין געהאנגען נידריג אויפן האריזאנט. ווי דער ליעבער כנרת, איז דער עמק-יזרעאל געלעגען צושפרייט און האט זיך שטיל געשושקעט מיט זיינע פולע זאנגען. יצחק'ל האט זיך צופלאמט — שוין ניט דער יצחק פון ירושלים.

— פערשטעהסטו מיך, פריינד, ניט אזוי גרינג איז מיר אנגעקומען, ביז איך האב זיך צוגעפאסט, שווער איז געווען, די ארבייט א שווערע, אינגאנצען מיר א אומבעקאנטע. די היץ איז גרויס — און איך בין דאך פון א שטאדט אנגעקומען, פרעמד איז מיר אלץ געווען. אין די דושנע דרוקערייען אין ירושלים ווען האב איך די זון

געזעהען? נאר איך האב זיך צוגעוועהנט. איך האב זיך מיט דער ערד פערבונדען און די ארבייט איז מיר גרינג געווארען, איך האב די זון דערשפירט און די היץ איז מיר ליעב געווארען. איך בין שוין געווארען א בירגער, א תושב אין דעם עמק יזרעאל. און די ליידען ווען זיי קומען און די שוועריגקייטען — איך האב צו זיי א גרויסע, א הייליגע טרייסט — אט דאס אלץ איז אונזערס!

יצחק האט א מאך געטהון מיט דער האנד אין דער לופט, ווייזענדיג די געגענד ארום. אין זיינע שווארצע אויגען האט זיך נאך העלישער דאס פייערל אנגעצונדען.

— און גוט איז מיר געווען ווי קיינמאל ניט פריהער. איך האב געפיהלט, אז איך פערמאג דאס, צו וואס איך האב אזוי געגארט. נאר — מיט אמאל איז עס אנדערש געווארען.

געווען איז דאס אין איינער פון די ווינטער־נעכט ביי אונז. אין דרויסען איז געגאנגען א רעגען. אין מיין קליינעם חדר'ל זענען מיר אויף א ראגאזשע געזעסען — עטליכע יונגע ארבייטער־חברים. מיר האבען גערעדט וועגען ארבייט, וועגען לעבען. נאר דא האט זיך דוד דער גאליציאנער צופלאמט: — וואס ווייסט איהר, וואס ווייסט איהר פון ארבייט?ווארט, עס וועט קומען דער שניט און דער שייער וועט אנגעפיעלט ווערען מיט אונזער פרוכט — ערשט דאן וועט איהר פיהלען וואס אונזער ארבייט בעדייט. דוד חבר גאליציאנער האט לאנג ניט אויפגעהערט צו רעדען — ער האט אלץ דערצעהלט וועגען שניט. אלע חברים האבען זיך צו איהם גוט צוגעהערט. איך האב איהם אבער געפיהלט. ער האט אין מיר עפים פערבארגענעם אויפגעוועקט. און פון דעמאלס אן, מיין פריינד, רוהט אין מיר ניט מיין בלוט — זאל שוין קומען דער שניט, זאל ער קומען! — נאר א פאר טעג און ער וועט שוין קומען.

יצחק האט אויפגעהויבען זיינע שווארצע אויגען פון די זאנגען און האט אין מיר אריינגעשטאכען זיין יונגען דורכדרינגענדיגען בליק.

— בלייב דא, בלייב דא מיט אונז ביז'ן שניט. דער ערשטער יודישער שניט אין עמק יזרעאל, אין אונזער מרחביה. פריה, מיט'ן מארגענשטערן, וועל איך צו דער ארבייט ארויסגעהן, און ווען מיר וועלען אלע ווי איינער דעם גרויסען וואגען מיט תבואה אנפיעלען, — דאן וועל איך אויבען ארויף, אין דער הויך. איך וועל נעמען די לייצעס אין האנד און וועל פיהרען אונזער ערשטען וואגען תבואה צום שייער.

מיר זענען נאך לאנג ארומגעגאנגען אויפן שטעגעלע, וואס הינטער דעם ארבייטער־הייזעל. עטליכע מאל האט אונז מאיר'קע דער פעלד־שומר בעגעגענט און איז אונז לאנגזאם טריט ביי טריט אויף זיין הויכער שטאלצער „אצילה“ פארבייגעריטען.

יצחק האט מעהר ניט גערעדט. — ס'איז שוין געווען שפעט אין דער נאכט. די לבנה איז שוין לאנג פערגאנגען. א פינסטערניש איז געהאנגען איבער'ן עמק. מיר האבען זיך בייחע אויפן דאך שלאפען געלעגט. איך בין נאך לאנג ניט איינגעשלאפען. אין מיין פאנטאזיע האבען זיך פערשיעדענע בילדער געפלאנטערט. נאר יצחק איז באלד איינגעשלאפען, איהם האט דער שארד פון די זאנגען פערוויעגט...

---

גיך ווי דער ירדן צווישען די בערג, לויפט אדורך די צייט ביי דעם גליל־ארבייטער. מיט'ן אקער־אייזען פערטרייבט מען זי דארט. און די פאר טעג זענען גיך דורכגעלאפען. ס'איז געקומען דער שניט. יצחק האט אויסגעפיהרט זיינס. בעגינען איז ער צו דער ארבייט ארויס. און ווען דער ערשטער וואגען איז געווען אנגעפיעלט, איז יצחק'ל ארויפגעשטיגען הויך, אויפן שפיץ פון תבואה־הויפען, האט גענומען די

לייצעם אין האנד און ער האט געפיהרט דעם ערשטען יודישען תבואה=וואגען אין עמק יזרעאל.

אבער דער וואגען האט זיך איבערגעקעהרט. און דארט, אונטער דעם גרויסען הויפען תבואה האט זיך יצחק'ל געזעגענט מיט זיינע חלומות אויף אייביג, אייביג...

---

## סאַבאַראָוו.

דער פערשטארבענער האט פערבראַכט איבער אַכט יאַהר אין לאַנד ביי ערד=אַרבייט. דעם לעצטען זומער איז ער געווען אַ שומר אין די גערטנער פון ראשון לציון. תשעה באב ה'תרע"ב (1912) האט מען איהם געפונען אַ ערמאָרדעטען אין זיין שומר=ביידעל מיט'ן מעסער צונויפגעדריקט אין זיין טויטער האנד. דער גאַנצער קערפער איז געווען שרעקליך און אכזריות'דיג צוקאַליעטשעט.





# משה טייך.

אויף דער גרעניץ פון קינדהייט און יוגענד האט משה טייך פערלאזען זיין געבורטס־שטאדט און זיין פאמיליע אין גאליציען און פריה איז ער אוועק פון דער וועלט. פופצעהן יאהר איז ער אלט געווען, בעת ער איז געקומען ארבייטען קיין ארץ־ישראל, און פיער יאהר איז ער געווען אין לאנד, ביז זיין לעבען איז איבערגעהאקט געווארען דורך א טראגישען צופאל.

משה טייך איז געווען איינער פון די בעסטע ארבייטער און א איבערגעגעבענער חבר פון פועלי־ציון. ער האט פיינד געהאט צו וואנדערען פון איין קאלאניע אין א צווייטע און א חוץ אין מלחמיה און מרחביה האט ער פערבראכט אין זכרון יעקב. און דא איז ער געשטארבען אויף זיין פאסטען, בעוואכענדיג חעם שייער אין בורדש, נעבען דער קאלאניע.

עס איז געווען שבת פאר טאג, צומארגענס נאך ראש השנה תרע"ג. נאך דער וואך־נאכט איז משה געגאנגען שלאפען. צופעליג האט זיך איהם פערטשעפעט דער רעוואלווער און פון זיך אליין אויסגעשאסען. די קויל איז אריין אין בויך און ארויס דורך די נירען. א פארביינגעהענדיגער אראבער האט עס דערזעהען און אנגעזאגט אין דער קאלאניע. מ'איז געלאפען פון זכרון קיין בורדש, ס'איז שוין אבער געווען צושפעט; אויפן וועג האט מען געטראפען א וואגען מיט משה'ן און א געפעהרליכען צושטאנד. משה האט קוים בעוויזען צו דערצעהלען, וואס עס האט מיט איהם פאסירט.

די גאנצע מיה פֿון דאָקטאָר איז געווען אומזיסט; זונטאָג, ד' תשרי, איז משה טײַך געשטאָרבען נאָך שווערע יסורים.

משה איז געווען א אײַנציגער זוהן בײַ זײַנע עלטערן. זײַ האָבען זיך בײַ איהם געבעטען ער זאָל קומען אהײם זיך זעהען מיט זײַ נאָך פֿיער יאָהר. ער האָט טאקע געהאט ברעה צו פֿאָהרען קײַן גאליציען נאָך דער ארבײַט און שײַער. ס'איז איהם אָבער ניט בעשעהרט געווען.

---

ר' בנימין.

# זכרונות.

משה טײַך האָב איך געקענט נאָך פֿון אויסלאנד. און אָט ווי אזוי איך האָב מיך מיט איהם בעקענט:

איך האָב דאן ארומגעוואנדערט איבער די יודישע שטעדט פֿון די גלות-לענדער און די אנגעלעגענהײַטען פֿון א קאָלאָניזאציאָנס-געזעלשאפֿט. איך האָב צוערשט בעזוכט די שטאָדט דראהאביטש, אין גאליציען, וואו עס איז מיר אויסגעקומען צו פֿערברענגען א פּאָר טעג.

און אײַנמאָל אין אָוועגד עפֿענט זיך די טהיר און עס קומען ארײַן צו מיר פֿיער בחורים.

קײַן ארץ-ישראל ווילען זײַ פֿאָהרען, דאָרט ארבײַטען און היטען די יודישע פֿעלדער. אזוי האָבען זײַ מיר דערצעהלט און דערבײַ — געלאכט.

איך האָב זײַ געוואָלט אָברעדען פֿון אזא דרײַסטען שריט און זײַ פֿארגע-שטעלט די שוועריגקײַטען, אויף וועלכע זײַ וועלען זיך אנשטויסען.

מײַנע ווערטער האָבען אָבער גאָרניט געפּועל'ט: די דאָזיגע בחורים האָבען — געלאכט.

איך האָב אָנגעהויבען צו רעדען מיט זײַ נאָך שטרענגער, איך האָב זײַ גע-מאָהלט דאס לעבען פֿון די ארבײַטער אין ארץ-ישראל מיט די דונקעלסטע פֿארבען, אָבער דאס האָט אויך ניט געהאָלפֿען: די יונגע ציוניסטען פֿון דראהאביטש האָבען זיך צוגעהערט צו מײַנע ווערטער און האָבען געלאכט.

און נאָכדעם ווי איך האָב שוין געהאט ערלעדיגט מײַן אויפֿגאבע אין דראהאביטש און אין די אנדערע שטעדט בין איך צוריקגעפֿאָהרען קײַן יפו.

עס איז אריבער א יאָהר. מיט א מאָל עפֿענט זיך די טהיר פֿון מײַן וואוינונג און עס קומט ארײַן אײַנער פֿון די דאָזיגע פֿיער בחורים. איך האָב ניט געגלויבט מײַ-נע אויגען. פֿאר מיר איז געשטאנען א געזונדער און קרעפֿטיגער בחור מיט א שטארק-ענטוויקעלטען קערפּער, און מיט א שײַנענדיג געזיכט.

איך האָב געקוקט און — געשוויגען.

* * *

אײַנער פֿון די דאָזיגע פֿיער איז געווען משה טײַך ז"ל. ער איז געווען דער בעס-טער ארבײַטער צווישען זײַ.

ער איז געווען א קינד פֿון פֿערמעגליכע עלטערן. קײַן ארץ-ישראל האָט ער גע-מוזט פֿאָהרען אין געהײַם.

קומענדיג אהער האָט ער זיך פֿון קײַן שום ארבײַט ניט אָבגעזאָגט. ער האָט

געאַרבײַט און זיך געפֿרעהט, זיך געפֿרעהט און געאַרבײַט.

און פּלוצלינג, אַ טאָג נאָך ראש השנה, מיט'ן זון=אױפֿגאַנג האָט אַ קױל דורכגעלעכערט זײַן בױך, איז אַרײַן און צוריק אַרױס.

און אַזױ שרײַבט צו מיר דער לעהרער פֿון דער קאָלאָניע:

„די גאַנצע קאָלאָניע האָט זיך בעשעפֿטיגט מיט זײַן קרענק און מיט זײַן קבורה, אַלע האָבען איהם בעװײנט, װײַל אַלע האָבען איהם ליעב געהאַט פֿאַר זײַן עהרליכקײַט, איבערגעגעבענהײַט און פֿלײסיגקײַט... און איהר זײַט מודיע װעגען דעם זײַנע עלטערן דורך אַ מענש, װעלכער װעט װיסען װי אַזױ צו ערפֿילען זײַן אױפֿגאַבע, װײַל זײַן מוטער האָט שטאַרק געזאָרגט װעגען איהם די גאַנצע צײַט, װאָס ער האָט געלעבט אין ארץ=ישראל, און זי פֿאַלט אין חלשות יעדעס מאָל, װען זי דערמאָהנט זיך אָן די סכנה, אין װעלכער איהר זוהן געפֿונט זיך...“

און אַ פֿרײַלײן פֿון יענער קאָלאָניע שרײַבט:

„זעקס און צװאַנציג שעה האָט ער זיך געװאָרפֿען אין שרעקליכע יסורים, און אױפֿן צװײטען טאָג פֿון נײַעם יאָהר, מיט די ערשטע זון=שטראַהלען, װעלכע האָבען איהם בעגריסט אױף זײַן בעט אין שפּיטאָל, האָט ער אױסגעהױכט זײַן נשמה און איז געשטאָרבען“.

---

# הלל עטין.

הלל עטין איז אַנדערהאַלבען יאָהר פֿאַר זײַן טױט געקומען פֿון רוסלאַנד קײַן ארץ=ישראל, כּדי דאָ צו אַרבײַטען פֿאַר'ן יודישען פֿאָלק און לאַנד.

מוטיג, ענערגיש און לעבענס=לוסטיג, אַ איבערגעגעבענער חבר און אַ פֿלײַסיגער אַרבײַטער — די ראָזיגע מעלות האָבען איהם זעהר בעליעבט געמאַכט בײַ אַלע זײַנע בעקאַנטע און פֿרײַנד.

י"ג כסלו תרע"ג איז ער געשטאָרבען פֿון אַ לונגען=אָנצינדונג אין שפּיטאָל אין טבריה אין עלטער פֿון 25 יאָהר.

---



## מאיר כאַזאַנאָוויטש,

געקומען פון קאווקאַז, איז געווען 8 יאָהר אין לאַנד. מאיר איז געווען פון די ער-שטע און פעהיגסטע יודישע שומרים. בעת אַ אָנפאַל אויף מרחביה האָט איהם געטראָפען אַ קויל, פון וועלכער ער איז געשטאָרבען אין אַ פאָר טעג אַרום, ל"ג בעומר תרע"ג (1913).

אהרן אסטראווסקי.

# זכרונות.

דאָס ערשטע מאָל האָבּ איך איהם בעגעגענט באַלד נאָך זײַן קומען, פֿאַרנאַכֿט, שפּאַצירענדיג מיט אַ חבר צווישען די גערטנער אין פּתח=תקוה. זײַן בילד איז געוואָרען אַלס קלאָרער און בולט'ער, ווען ער האָט זיך דערנעהנטערט צו אונז אויף דעם גרויסען זאַמד=וועג, וואָס פֿיהרט פֿון יפו קיין פּתח=תקוה.

זײַן פֿיגור, זײַן קליידונג האָבען איהם אַרויסגעגעבען העכֿער און קענטיגער פֿון די איבעריגע: עטוואָס העכֿער פֿון מיטעלען וואוקס, שלאַנק און ברייט = ביינערדיג. זײַן הויך, גרויס קאַווקאַזער היטעל, פֿון אַ מין שוואַרצען פֿוטער מיט לאַנגע האָר, האָט איהם געמאַכֿט מיט צוויי קעפּ העכֿער פֿון אַלעמען; זײַנע עדעלע שטיוועלער אויף די פֿיס און די ישוואַרצע, האַרט צום קערפּער צוגעפּאַסטע „טוזשורקע“ האָבען נאָך מעהר בעטאָנט זײַן בראַווען אויסזעהן. זײַן פּנים איז געווען פֿריש, לויטער און יונג.

מיר זענען זיך צוזאַמענגעקומען אויף אַ בערגעל אין דער זײַט פֿון וועג נעבען אַ שורה הויכֿע אויקאַליפּטוס = בוימער. דער נייער גאַסט האָט אויף מיר מיט מײַן חבר געמאַכֿט דעם געוועהנליכֿען איינדרוק, וואָס עס מאַכֿען פֿערשיעדענע טיפּען, וועלכֿע קומען אָן קיין ארץ=ישראל פֿון ארבע כּנפות הארץ. איינער פֿון די אָנגעקומענע געסט האָט זיך געאיילט אונז איבערצוראַשען מיט אַ נײַעס, אַז היינט איז אָנגעקומען אַ שיף מיט אַ סך יונגע לײַט. מײַן חבר האָט קריטיש אַ שאָקעל געטהון מיט'ן קאָפּ און האָט געוואָרפֿען אויפֿן גאַסט אַ טיעף דורכֿדרינגענדען בליק, וואָס האָט געהייסען: וואָס ביזטו און וואָס קענסטו זײַן פֿאַר ארץ=ישראל? ביזטו אַ דורכֿפֿליהענד פֿויגעלע, וואָס שטעלט זיך דאָ אָב אַ רגע און פֿליהט ווײַטער? אָדער אַ פֿערבלאָנדזשעטע טויב, וואָס האָט זיך 'אומגעקעהרט צו איהר טויבען=שלאַג? מאיר האָט דעם בליק גוט פֿערשטאַנען און מיט אַ דרעה פֿון זײַן רעכֿטען אַקסעל, מיט אַ קוק אויף די בעוואַקסענע און פֿערפֿלאַנצטע טהאָלען און בערגלעך האָט ער מבטל געמאַכֿט יעדען חשד אין שוואַכֿקײַט און אונענטשלאָסענהײַט.

אין דעם דונקעלען בין השמשות צווישען הויכֿע פּלויטען פֿון אַקאַציעס זענען מיר, די גאַנצע חברה, געגאַנגען צו דעם גאַסט'ס אַלטען חבר פֿון באַקו. דער גאַסט האָט דערצעהלט וועגען זײַן אַרבײַט אין זײַן אָרגאַניזאַציע, וועגען מיטינגען דורכֿגעפֿיהרטע מיט געוואַלד אויף צו להכעיס דער רעגירונג און וועגען פֿערבלאָנדזשעטע יודישע אַרבײַטער; וועגען זײַן לעבען צווישען די גויים און וועגען זײַן בעשלוס צו פֿאָהרען קיין ארץ=ישראל: עס איז איהם שווער צו זײַן אָפּען צווישען די גויים דאָס וואָס ער איז, און ער איז אַוועקגעפֿאָהרען דעריבער קיין ארץ=ישראל. אין זײַנע ווערטער האָט זיך געפֿיהלט די גאַנצקײַט פֿון אַ געזונדער נשמה אין אַ געזונדען קערפּער.

אין אַ יאָהר אַרום האָבּ איך איהם געטראָפֿען זומער=צײַט אַלס אַרבײַטער אין מטולה (אַ קאָלאָניע אין אויבערשטען גליל), וואו איך האָבּ אויך געאַרבײַט אַ שטיקעל צײַט. פֿאַרנאַכֿט פֿלעגען מיר זיך צוזאַמענקומען אויפֿן שטיינערנעם ברייטען וועג אין מיטען דער קאָלאָניע. אָפֿט פֿלעגען מיר זיך אַוועקזעצען אויף דער געמויערטער וואַנד, וואָס צוימט אָב און בעפֿעסטיגט די קאָלאָניע, און מיר פֿלעגען

פֿערפֿירען אַ שמועס װעגען די טשערקעסישע שומרים פֿון דער קאָלאָניע, װעגען דעם שומר, װעלכער איז ניט לאַנג דערשאָסען געװאָרען פֿון זײן אײגענער ביקס, װאָס האָט נאַטירליך אַרויסגערופֿען מויזענד פּירושים, און װעגען דער חרפּה פֿון פֿרעמדער שמירה. מאיר פֿלעגט אויסברעכען פֿון צײַט צו צײַט מיט כּעס און בײזע װערטער און פֿערשעלטען די פּחדנים, װאָס דערנידריגען אונז אין די אויגען פֿון אַלעמען. נאָך מעהר פֿון אַלץ פֿלעגען מיר רעדען װעגען די אָנפֿאַלען פֿון די דרוזען אויף דער קאָלאָניע אין פֿערשידענע צײַטען און װעגען דעם העלדען=טויט פֿון די יודישע פּיאָנערען=קעמפֿער פֿון מטולה.

פֿון דערװײַטענס, דורך אַ לײַכטען בלויליכען נעבעל אין צפֿון האָבען אַרויסגעקוקט צװײ װײַסע שנײ=פּאַסען פֿון חעם חרמון און לבנון. לינקס פֿון זײ, נעהנטער צו אונז — אַ גרויס דאָרף, װאָס זײַנע שייכ׳ס האָבען גע׳שמ׳ט אַלס די גרעסטע העלדען פֿון דער געגענד. אין מזרח זענען געלעגען אין לאַנגע רײהען די העכערע און נידריגע בערג פֿון גלעד, תמיד בעדעקטע מיט אַ גרויען נעבעל, װי מיט אַ לעגענדאַרישען טרוים. און פֿון דרום האָבען אונז שטילע װינטעלעך געשעפּטשעט גרוסען פֿון אונזערע חברים, װאָס זענען צוזײהט איבער אַלע קאָלאָניעס פֿון גליל און יהודה... דאָס אַלץ האָט געצויגען און גערופֿען דאָס יונגע האַרץ צו נעמען אָנטײל אין דעם גרויסען נאַטור=קאַמפּף פֿון לעבען און האָט צוגעזאָגט אונענדליך גליק. עס האָט זיך געװאָלט זײַן שטאַלץ און מעכטיג װי דער חרמון און לבנון.

אויף אַ הויכער קופּע תּבואה אונטער׳ן טיעפֿען בלויען אויסגעשטערענטען הימעל, אין דער אינטימער שטילקײַט פֿון דער הײמישער נאַטור, האָט מאיר געװעבט זײַנע פֿאַנטאַזיעס װעגען אַ לעבען פֿון גבורות און העלדישקײַט, חלומות װעגען אַ יונגען קרעפֿטיגען, פֿײל=געשװינדען „פּעגאַס“ (אַ לעגענדאַריש פֿערד מיט פֿליגלען) און װעגען זיך — אַלס זײַן רײטער און זיעגער, מעכטיג מיט כּח און געװעהר, מיט אַ דונערענדער שפּראַך פֿון אַ נביא און הערשער צוזאַמען, פֿאַר אַלעמען — פֿאַר יודען און אַראַבער...

שעה׳ן לאַנג פֿלעגען אַװעקגעהן אין די שעהנע פֿלענער און דאָס יונגע יודישע האַרץ, װאָס פֿיהלט די שעהנקײַט פֿון דער נאַטור און פֿון מענשענס נצחונות איז געװאַקסען פֿון טאָג צו טאָג אין מײַנע אויגען.

אַ מתּנה האָט מיר מאיר געשענקט אין יענע גליקליכע שעה׳ן, אַ ניגון, װעלכער האָט זיך געזונגען אָהן אויפֿהער, װי נאָר מ׳האָט איהם אָנגעהויבען, און האָט זיך געצויגען אין אַ אײן=טעניגער הערצליכער התלהבות, אויסדריקענדיג אַ טיעפֿע בענקשאַפֿט צו דעם גרויסען מענשליכען נצחון פֿון פֿרײַהײַט, און געטרײַ האָב איך דעם ניגון געטראָגען אין אַלע פֿיהלענדע הערצער פֿון גליל און יהודה.

דאָס דריטע מאָל האָב איך איהם געזעהען אין יבנאל, װאוהין איך בין געקומען פֿון דגניה אויף מײַן פֿערד װעגען אַ נויטיגען ענין. קודם כּל בין איך נאַטירליך געגאַנגען זעהן זײַן „אַסיליע“ („אצילה“ — אַ יחוס=פֿערד בײַ די אַראַבער). די „אַסיליע“ איז געװען זעהר שלאַנק און הויך און האָט געהאַט אַ װאונדערבאַרע קאָליר. גלעטענדיג זי צערטליך איבער׳ן האַלז אַלס אַ ענטפֿער אויף איהר דרעהען זיך און סנאָרען מיט דער נאָז, װענדעט ער זיך צו מיר מיט אַ קענטיגער שמחה: „נו, װאָס זאָגסטו?“ און ניט װאַרטענדיג אויף מײַן ענטפֿער האָט ער מיר גלײַך אויסגע׳חשבונ׳ט איהר גאַנצען יחוס=אבות. ער האָט אַראָבגענומען פֿון איהר די דרײַ=

פֿיסיגע פּענטע און האָט זי אַרויסגעפֿיהרט פֿאַר מיר אין הויף. די אסיליע האָט געשטעלט איהרע טריט עלעגאַנט און קאָקעטיש, ווי דאָס עכֿט-ערצויגענע סאַלאָן-פֿרײליין אין אַ טאַנץ, און איהר פֿעררײסענעם קאָפּ מיט אויפֿגעשטעלטע אויערען און ברײט-אָפֿענע בלויע אויגען האָט זי געדרעהט אין אַלע זײַטען ווי זי וואָלט וועלען זעהען דעם פֿרײד-אויסדרוק פֿון איהרע ליעבהאָבער. מאיר האָט באמת הנאה געהאַט פֿון איהר שעהנקײַט, ער האָט ניט פֿערלאָרען קײן אײנציגע בעוועגונג איהרע, ער האָט פֿערגעסען דעם שעהנעם ליכטיגען טאָג, מיך און מסתמא אויך זיך גופא...

ווען נאָך אַ קלײנעם שפּאַציר איבער די פֿעלדער זענען מיר פֿאַרטאָגס געקומען אין שטוב, האָט מאיר אויסגעשפּרייט אַ ראָגאָזשע אויף דער טעראַסע און זיך גענומען קאָכען קאַפֿע אויף דעם שוואַכען פֿײַער פֿון אַ אַלט-מאָדישער ספּירט-מאַשינקע. אין מזרח, פֿון אונטער די בערג, האָט זיך אויפֿגעהויבען דער מאָרגענשטערן און מיט זײַן ווײַטען שײַן האָט ער געזוכט צו טרעפֿען די סודות פֿון דער נאַכט. מאיר האָט פֿערצויגען דעם אַראַבישען „יא לײל" (די נאַכט), וועלכער האָט געקלונגען ווײַט איבער די פֿעלדער און טהאָלען און איז פֿערלאָרען געוואָרען צווישען די בערג אין דער פֿינסטערניש פֿון פֿאַרטאָגס. אַרומגעוויקעלט מיט זײַן שוואַרצער אַבאַיע (אַראַבישער מאַנטעל), מיט דעם אַגאַל (אַ וואָלענער רײף) און מיט אַ קעפיע (אַ קאָפּ-טוך) אַרום קאָפּ, זיצענדיג אָנגעשפּאַרט אויף דער וואַנד, האָט ער אָנגעהויבען דאָס ליעד מיט אַ לאַנגזאַמען, רוהיגען, שטילען טאָן. דער „יא לײל" האָט זיך איבערגע'חזר'ט נאָך יעדען פֿערז און האָט אויסגעדריקט אַלע וואונדער פֿון חער מיסטישער נאַכט: דאָס מאָל האָבען די פֿערזען געקלונגען אַזוי: „איל קאַמער חיזום, איל פֿאַראַס סעהריע, ולמאַראַ אַמטיע", די דרײַ וואונשען פֿון דעם בעדואינער: „די לבנה זאָל שטענדיג שײַנען ווי אַ ציהרונג אין הימעל, די אסיליע זאָל זײַן מונטער און די פֿרוי — געהאָרכזאַם". יעדער וואונש האָט זיך אַרומגערעדט אין אַ בעזונדערען פֿערז, וועלכער האָט זיך פֿערבונדען מיט דעם צוזאַנג אין דעם זעלבען אונאויפֿהערליכען, מאָנאָטאָנעם ניגון, וועלכער איז אָבער געוואַקסען אין קראַפֿט פֿון דעם ערשטען וואָרט פֿון פֿערז ביז דעם לעצטען וואָרט פֿון צוזאַנג און האָט פֿערכאַפּט דעם אָטעם פֿון זינגער און צוהערער מיט די לעצטע אויסגעצויגענע טענער, וועלכע האָבען זיך פֿערלאָרען אין חער טיעפֿער שטילקײַט.

פֿערטראַכט בין איך געזעסען און עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך זעה פֿאַר מיר אַ עכטען אַראַבישען עקסטאַטיק לויט זײַן שפּראַך, געפֿיהלען און אידעען, און אַ יאוש האָט מיך אָנגעכאַפּט: איך האָב זיך געפֿרעגט, צי מאיר'ס פֿאַנטאַזיעס פֿון אַ מטולה, וואָס זענען געוועבט אַזוי נאַאיוו און מיט אַזעלכע שעהנע געפֿיהלען, הויבען זיך ניט אָן צו פֿערווירקליכען, און צי אַ געזונדער מענש, וואָס פֿאָדערט אַ גאַנץ נאַטירליך לעבען מוז ניט איבערלאָזען הינטער זיך אונזער צובראָכען פֿערקריפּעלט לעבען, כדי צו זוכען פֿאַר זיך אַ תיקון אין פֿ ר ע מ ד ע  פֿ אָ ר מ ע ן ...

איך בין געוועזען ווײַט פֿון ארץ-ישראל, ווען די צײַטונגען האָבען מיר געבראַכט די טרויעריגע ידיעה וועגען מאיר'ס טויט און איך האָב איהם פּלוצלינג דערזעהען אין אַ אָרעאָל פֿון הייליגקײַט און רײנקײט, וואָס וועט אײביג שטעהן פֿאַר מײַנע אויגען. און איך האָב קלאָרער ווי אַלע מאָל פֿערשטאַנען, אַז דער געזונדער מענש, דער גבור, שפּאַלט אַ ים פֿון סתירות, טראָגענדיג אין זיך פֿערבאָרגען אַ הייליגען און פֿאָלשטענדיגען ציעל, וועלכען עס קאָן ניט בעמערקען דאָס אויג פֿון געוועהנליכען בעאָבאַכטער: אונזערע ציעלען זענען צו הויך, אונזערע מיטלען צו קלײן און צו

נידריג, אונזער בליק צו פֿלאַך און שוואַך און שווער איז אונז צו זעהן און צו פֿערשטעהן די שעפֿערישע קראַפֿט בשעת יצירה.

נאָר דער שעפֿערישער, בויענדער כח קאָן גובר זיין די שוועריגקייטען, וועלכע עס בעגעגענען די אַלע, וואָס טראַגען הויך דעם ציעל צווישען די קלייניגליכקייטען פֿון לעבען. מאיר האָט עס געטהון בעסער פֿון אַנדערע, הגם זיין אויפֿגאַבע איז געווען אַ סך שווערער, וואָרום איבערנעמענדיג אויסערליך די אויסערליכע פֿאָרמען פֿון אַראַבישען לעבען, האָט ער ניט ווילענדיג געשטעלט אין סכנה זיין אינערליכען איך, אַלס יוד. עס האָט זיך אַמאָל געקאָנט דוכטען, אַז יער פֿאַלט אַריין אין אַ תהום פֿון אַ פֿרעמדער אונפֿריינדליכער אַטמאָספֿערע. ער האָט זיך אַראָבגעלאָזען אַהין נאָר כּדי צו קאָנען העכער אַרויפֿבריינגען זיין איינענע מענשליכע און יודישע אינדי־ווידואַליטעט, כּדי דערמיט בעסער צו בעזיעגען די אַרומיגע ווילדע באַרבאַרישע סביבה.

---

אליעזר קאַנטאַראָוויטש.

# מאיר'קע.

## א. די „טשערעדע“.

אַ שטיק צייט האָב איך אַלס שומר צוזאַמען מיט מאיר'ן פֿערבראַכט אין גליל און זיך שטענדיג גע'חידוש'ט, פֿון וואַנען שעפּט מאיר'קע זיין ריעזיגען כח, וועלכער שפּירט זיך אין אַלע זיינע העלדען־טהאַטען, מיט וועלכע ער האָט זיך אַזוי בעריהמט געמאַכט איבער דעם גאַנצען גליל, פֿון חעם כּרמל ביז צום חרמון. און בעריהמט געווען איז מאיר'קע נישט בלויז צווישען די חברים און די קאָלאָניסטען, נאָר אויך צווישען מעהרערע אַראַבער, וועלכע האָבען זיין כּח בעוואונדערט און פֿאַר איהם מורא געהאַט. פֿאַר מיר איז דאָס קלאָר געוואָרען בעת דעם אָנפֿאַל אויף דער „טשערעדע“ פֿון דער קאָלאָניע יבנאל, וואו מאיר'קע איז פֿערוואונדעט געוואָרען, און שוין פֿערוואונדעטערהייט מעהר פֿון אַלעמען גענומען אָנטייל אין אָבשלאָגען דעם אַראַבישען אָנפֿאַל.

ס'איז געווען אַ שעהנער זומערדיגער נאָכמיטאָג. מיר, די שומרים, זענען ערשט נאָר וואָס אויפֿגעשטאַנען פֿון אונזער שלאָף, אָבגעטרונקען קאַפֿע און געזעסען אויף דער ערד מיט פֿערלעגטע פֿיס. מיר זענען געזעסען צוזאַמען מיט מאיר'קען און געשמועסט וועגען דעם, ווי נויטיג ס'איז צו פֿערשטאַרקען די קאָלאָניע־וואַך, וויל דער שייך „איסא“ מיט זיינע אַראַבער, די פֿריהערדיגע בעלי־בתּים פֿון דער קאָלאָניע, גרייטען צו אַ אָנפֿאַל אויף יבנאל. רעדענדיג אַזוי האָבען מיר מיט אַמאָל דערהערט אַ געשריי אין דער קאָלאָניע. אַ טומעל און אַ גערודער. די קאָלאָניסטען שרייען: וואו זענען די שומרים? מיר האָבען זיך אויף גיך אָנגעטהון, דאָס געוועהר אָנגעלאָדען, אַרויסגעלאָפֿען אין פֿעלד און דערזעהען ווי אַראַבער טרייבען די קאָלאָניע־טשערעדע צו דער ירדן־זייט, און די קאָלאָניסטען קוקען צו שווייגענדיג. זיי האָבען זיך אינגאַנצען פֿערלאָרען אין דעם מאָמענט און געוואַרט, וואָס די שומרים וועלען טהון.

דער ערשטער שומר פֿון אונז אויפֿן פֿערד איז געווען מאיר'קע מיט זיין „אבו חאמסע“ (אַזוי פֿלעגט ער רופֿן זיין פֿינפֿער־מאַרטין־ביקס) אויף זיינע ברײ־

טע אַקסלען. מיט'ן שטענדיגען ליעבען שמייכעל אויף זיינע ליפּען, מיט זיין נאַאיווען קוק פֿון אַ קינד אויף די אַלע שומרים און קאָלאָניסטען האָט ער זיך אַזוי ווי אַ ווינד־צוג פֿייל־אויס'ן־בויגען אַוועקגעלאָזען דער ערשטער נאָכיאָגען די אַראַבער־רויבער, וואָס האָבען געטריבען די יודישע טשערעדע, דאָס ביסעל איינענס יודיש האָב און גוטס, וואָס די קאָלאָניע האָט נאָך אַזוי פֿיעל מיה, מיט אַזוי פֿיעל צער אויפֿגע־האָדעוועט. נאָך מאירק'ען האָט זיך באַלד אַ לאָז געטהון די גאַנצע קאָלאָניע. ווער רייטענדיג אויף פֿערד, ווער אויף פּרדות און ווער צו־פֿוס. אַלע זענען געלאָפֿען נאָך דעם פֿיהרער מאירק'ען איהם מיטצוהעלפֿען אין זיין קאַמפּף מיט די אַראַבער־רויבער. מאיר'קע, נאָך זענענדיג אַליין אויפֿן פֿערד, האָט ניט לאַנג געקלערט און מיט גרויס העלדישקייט האָט ער זיך אַריינגעלאָזט אין קאַמפּף מיט די אַראַבער, כּדי אָבצונע־מען ביי זיי די טשערעדע.

ווען איך בין דער צווייטער נאָך איהם אָנגעלאָפֿען, האָב איך שוין געטראָפֿען מאיר'קען אויסהאַלטענדיג גלענצענד זיין ערשטען צוזאַמענשטויס. מיט די ערשטע צוויי שאָסען פֿון דעם „אבו־האמסע“ האָט ער אַוועקגעלעגט טויט איינע פֿון די אַראַ־בישע בעסטע, טייערסטע שקאַפּעס, אַ „אצילה“, וואָס שטאַמט פֿון גרויס יחוס און ווערט דעריבער געשאַצט ביי די אַראַבער אַ סך טייערער ווי די יונגסטע שעהנסטע פֿרוי. דער דאָזיגער פֿאַל האָט צוגענומען דעם מוט און אָבגעשוואַכט דעם קוראַזש פֿון די אַראַבער, אָבער דאָס געפֿיהל פֿון נקמה האָט זיך דאָך ביי זיי צוהיצט און זיי האָבען אָנגעהויבען צו האַגלען מיט קוילען אויף מאיר'קען. איין קויל האָט איהם געטראָפֿען אין פֿוס. אין דער צייט איז שוין די גאַנצע קאָלאָניע געווען אין פֿעלד אין קאַמפּף. לאַנג האָט געדויערט ביז מיר האָבען געפֿועל'ט ביי מאיר'קען, ער זאָל גלייך פֿאָהרען צוריק אין די קאָלאָניע, אַרויסנעמען די קויל פֿון פֿוס און די וואונד אַרומבינ־דען. זיינע קליידער, צוזאַמען מיט דער שקאַפּע, זענען שוין געוועז שטאַרק בע־פֿלעקט פֿון זיין איינגען בלוט, און דאָך האָט ער זיין ביקס אויף אַ ווײַלע פֿון האַנד ניט אַרויסגעלאָזט און ס'איז אונמעגליך געווען איהם איבערצורעדען.

— גזלנים, וואָס איהר זענט, — האָט ער צו אונז געשריגען — וואָס לאָזט איהר מיך ניט ענדיגען די אַרבייט. מ'מוז דאָך די טשערעדע אָבנעמען. מיט מאַטערניש האָב איך איהם ווי עס איז קוים צוגערעדט צו פֿאָהרען מיט מיר צוריק אין די קאָ־לאָניע. מיר זענען געקומען אין די קאָלאָניע־אַפּטייק, מ'האָט איהם אָבגעוואַשען די וואונד, אַרויסגענומען די קויל, אַרומגעבונדען דעם פֿוס, אין בעט איהם אַריינגע־לעגט און אָנגעזאָגט איהם צו ליגען שטיל און ניט צו ריהרען זיך פֿון אָרט. איך האָב איהם בערוהיגט ווי עס איז ער זאָל ליגען, אָבער מאיר'קע איז ניט פֿון יענע רוהיגע, וואָס ווילען איינליגען אין בעט, ווען אין פֿעלד קומט פֿאָר אַ קאַמפּף פֿאַר'ן יודישען כּבוד. אין אַ רגע אַרום, ווען די שיעסעריי פֿון פֿעלד האָט דערגרייכט צו זיינע אויערען, האָט ער זיך אַ הויב און אַ שפּרונג־אויף געגעבען מיט אַזאַ ריעזיגער קראַפֿט פֿון בעט, פּונקט ווי ער וואָלט געלעגען אויף גליהענדיגע קוילען; ער איז אַרויסגע־לאָפֿען מיט זיין פֿערוואונדעטען פֿערבאַנדאַזשירטען פֿוס אין גאַס, האָט זיך שנעל אַרויפֿגעכאַפּט אויף זיין שקאַפּע און מיט אַ שטאַרקען געשריי: נקמה! נקמה! האָט ער זיך געלאָזט לויפֿען צוריק צום פֿעלד. ער האָט זיך ווידער אַוועקגעשטעלט צווי־שען די ערשטע קעמפֿפֿער און באַלד בעפֿריעדיגט זיין נקמה־געפֿיהל. ער האָט זיך גוט געציעלט און גוט געטראָפֿען אין די צווייטע אַראַבישע „אצילה“, וועלכע איז באַלד געפֿאַלען אַ טויטע.

די אַראַבער האָבען זיך פֿערלאָרען אויף אַ ווײַלע, און די יודען האָבען אויסגענוצט דעם גינסטיגען מאָמענט פֿון צוזאַמענשטויס. די גאַנצע קאָלאָניע האָט זיך באַלד אַרויפֿגעכאַפּט אויפֿן העכסטען באַרג, פֿערנומען די בעסטע קאַמפּפֿ=פּאָזיציע, וואָס פֿיהרט צום טהאָל און פֿון דאָרט אַראָבגעהאָגעלט איבער די אַראַבער פֿון טהאָל מיט אַ מבול=האָגעל פֿון קוילען. צוליעב דעם אונערוואַרטעטען פּלוצלינג'דיגען שטאַרקען אָנגריף האָבען זיך די אַראַבער שטאַרק פֿערלאָרען און זיי זענען געווען געצוואונגען אָבצוטרעטען פֿון דער גערויבטער קאָלאָניע=טשערעדע. מאיר'קע מיט נאָך אַ פּאָר קאָלאָניסטען פֿון דער נאָהענטער קאָלאָניע בית=גן האָבען ווי געניטע פּאַסטוכער צונויפֿגעטריבען צוריק אין איין פּלאַץ די טשערעדע, וואָס איז זיך געהאַט צולאָפֿען אין שרעק. מיט גרויס נצחון איז מאיר'קע מיט זײַן פֿערוואונדעטען פֿוס אַרײַנגעפֿאָהרען אין די טויערען פֿון דער קאָלאָניע אויף זײַן שעהנעם טײַערען פֿערד, פֿיהרענדיג די אָבגעשלאָגענע טשערעדע. די גאַנצע קאָלאָניע האָט זעהר פֿרײַנדליך און האַרציג בעגריסט איהר העלד און דעם רעטער פֿון יודישען כבוד. איך האָב זיך אײַנגעקוקט פֿון דער זײַט אין מײַן ליעבען טײַערען חבר און מיר איז קלאָר געוואָרען פֿון וואַנען מאיר'קע שעפּט זײַנע וואונדערבאַר=ריעזיגע שעפֿערישע כחות. פֿון דער מוטער=ערד איז עס. מאיר'קע האָט געהערט צו יענע חברים פֿון „השומר“, וועלכע האָבען פֿײַנד געהאַט תכלית=שנאה טעאָריעס און רייד און וועלכע האָבען געשעצט נאָר מעשים און העלדישקײַט, אָהן פּאָזע, אָהן קונצען. אַ אמת'דיג אייניקעל פֿון אונזער אַמאָליגען פּאַסטוך=נביא עמוס.

די אָקסען, מיט וועלכע מאיר'קע האָט געאַרבײַט אויפֿן פֿעלד, האָבען איהם אַ סך מעהר געלערנט, ווי טויזענדער ביכער וואָלטען איהם געקאָנט לערנען, און דעריבער האָט ער טאַקע אַזוי ליעב געהאַט אַלע לעבעדיגע בעשעפֿענישען און אַזוי געהאַסט ביכער און טעאָריעס.

## ב. אין וואַדי=פֿערזשאַס“.

נאָך איין מאָל איז מיר אויסגעקומען צו זעהן מאיר'קען אין זײַן גאַנצער גרויס. דאָס איז געווען אין איינער פֿון די שעהנסטע גליל=נעכט. איך מיט נאָך אַ חבר פֿון „השומר“ און מאיר'קע זענען אין דרײַען געפֿאָהרען צו אַ חבר אויף אַ חתונה אין אַ יודישער קאָלאָניע בײַם ירדן. אַרום האַלבער נאַכט, ווען מיר זענען צוגעקומען צו דעם בעוואוסטען רויבער=טהאָל „וואַדי=פֿערזשאַס“ און שוין אַרײַנגעפֿאָהרען טיעפֿער אין איהם האָבען מיר פּלוצלינג דערזעהען ווי אַנטקעגען אונז שנײַדען זיך שאָטענס פֿון עטליכע נאַכט=רויבער, מיט וועלכע דער טהאָל שווימעלט און ווימעלט. מיט איין אויגענבליק שפּעטער זענען שוין נעבען אונז אויסגעוואַקסען דרײַ אַראַבער—נאַכט=רויבער. דאָס ערשטע, מיט וואָס זיי האָבען זיך צו אונז געווענדעט, איז געווען דער בעוואוסטער אַראַבישער „וועטיני סיגאַראַ“, וואָס הײַסט אויפֿן פּשוט'ען לשון ניט מעהר ווי „גיב מיר אַ ציגאַר“, אָבער אין אמת'ען רופֿט דאָס אַרויס אַ רויב אויף די, וואָס געבען טאַקע פֿאַר שרעק אַ ציגאַר. מיר האָבען די אַראַבער=רויבער אַ ווײַלע גאָר ניט געענטפֿערט. איין אויגענבליק האָט געדויערט און מאיר'קע איז אַרויסגעפֿאָהרען דער ערשטער אַנטקעגען די רויבער און אָנשטעלענדיג די ביקס געגען זיי און אַרײַנשטעקענדיג אין 'איהר אַ „ציגאַר“, האָט ער זיי געענטפֿערט מיט אַ פֿעסטען און ענטשלאָסענעם קול: „תפּאַדאַל=יאַ=שייך“, און אַרויסגעלאָזט די ערשטע קויל אין די לופֿט. אין דער זעלבער צײַט האָט ער זיך צו אונז געווענדעט מיט זײַן שטענדיגען

שמייכֿעל: „חברים, וואָס זשאלעוועט איהר זיי עפּיס „ציגארען“, אַ?“ ווען מיר זענען שוין אויך גרייט געווען צו געבען די רויבער אַ פּאָר אַזעלכֿע „ציגארען“ פֿון אונזערע ביקסען, האָבען די רויבער זיך דערשראָקען, גלייך געביטען דעם טאָן און מיט די אראַבישע, פֿאַלשע ביטערע רייד אָנגעהויבען טענה'ן, אַז זיי קענען אונז פֿון לאַנג, און אַז מיר זענען גאָר זייערע „עסחאב“, דאָס הייסט זייערע בעסטע גוטע פֿריינד און זיי זענען נאָר אונז אַקעגען געפּאָהרען אַלס מכניסי=אורחים, וועלענדיג אונז פֿערבעטען אויף קאַפֿע צו זיך. וויסענדיג די אראַבישע הינטישע פּאָליטיק פֿון די רויבער האָבען מיר אָבער צוליעב אייד'עלקייט און העפֿליכֿקייט ניט געקאָנט זיי אָבזאָגען און האָבען זיך אויסגעזעצט מיט זיי טרינקען קאַפֿע, און פֿערפֿיהרט געשפּראכֿען וועגען שעהנע שקאַפּעס, שעהנע מיידלעך... און וועגען דער „הארב אל מאַסקאַב“, דאָס מיינט מען וועגען דער רוסיש=טערקישער מלחמה. מיט אַמאָל ווענדען זיי זיך צו אונז מיט אַזאַ מילדער, ווייכֿער גוטהערציגקייט, צי קאָנען מיר זיי ניט ווייזען אַ קוק צו טהון אויף אונזערע גוטע ביקסען, די „מאַרטין אינגליזיע“, וועלכֿע זיי האָבען קיינמאָל אין זייער לעבען ניט געזעהען...

איך געב אַ קוק אויף מאיר'קען, וועלכֿער פֿערלירט זיך קיינמאָל ניט אין אַזעלכֿע מאָמענטען, און איך זעה ווי ער האַלט שוין זיין ביקס, זיין „אבו חאמסע“, ביים „העהנדעל“ און אין די אויגען ברענט שוין אַ פֿייערעל. גאַנץ געלאַסען רופֿט ער זיך אָן צו די רויבער: אויב איהר פֿערלאַנגט דאָס, קאָנען מיר אייך זיי שענקען, נאָר אין=איינוועגס שוין צוזאַמען מיט אַ פּאָר „אינגליזיע=ציגארען“.

די אראַבער האָבען זיך פֿערשעהמט צוליעב דעם אומגעריכֿטען כיבוד און זיי האָבען אָנגעהויבען צו רעדען, אַז די „וולאד=אל=מאַסקאַב“, דאָס הייסט מיר, די געקומענע פֿון רוסלאַנד, זענען שוין מעהר ניט קיין „וולאד=אל=מות“ (קינדער פֿון טויט), און גענומען אונז געבען שבחים. מיר האָבען זיך אַרויפֿגעזעצט אויף אונזערע פֿערד און שקאַפּעס און ווי אמת'ע גלייכֿע גוטע פֿריינד, „עסחאב“, זיך געזעגענט מיט אַ פֿריעדליכֿען שלום. זיי זענען אוועקגעפֿאָהרען צוריק אין טהאָל טיעפֿער אויף זייער נאַכֿט=רויב, און מיר זענען אוועקגעפֿאָהרען צו אונזער חבר אויף די חתונה.

יענע נאַכֿט ביז טאָג האָט מאיר'קע מעהר פֿון אַלעמען געטאַנצט אַלערליי פֿערשיעדענע אראַבישע טענץ און מיט זיין ווילדער אראַבישער „דעבקע“, וועלכֿע נאָר ער האָט געקאָנט טאַנצען, האָט ער די נאַכֿט פֿער'כשופ'ט אַלע מיידלעך, וואָס זענען דאָרט געוועזען אויף דער חתונה, און מעהר פֿון אַלע מיידלעך — די שעהנע געזונדע יונגע סאָנקע. זי האָט אויף איהם געוואָרפֿען איהרע ברענענדיגע שוואַרצע אויגען, פֿול מיט גליהענדיגער מזרח=ליעבע און ער האָט איהר געענטפֿערט מיט ליעבע=אויגען. יענע נאַכֿט איז געשלאָסען געוואָרען מאיר'קעס ליעבע מיט דער שעהנער יונגער סאָנקע, וועלכֿע דרעהט זיך שוין איצט אַרום אַלס אַ אַכֿצעהן=יעהריגע אַלמנה, בלאָנדזשעט צווישען די שעהנע בערג פֿון גליל, און ווי די אַמאָליגע שולמית רופֿט זי און רופֿט איהר געליעבטען, וועלכֿער האָט איהר האַרץ געפֿאַנגען, און וועלכֿער וועט זיך צו איהר קיינמאָל ניט אומקעהרען. קיינמאָל ניט...

---



## שמואל פרידמאַן,

געקומען פון ליטא אין יאהר ה׳תרע״א. די לעצטע צייט איז ער געווען שומר אין יהודה. בעת א אראַבישען אנפאַל איז ער געלאפען צו הילף און אויפ׳ן וועג איז ער דערשאסען געווארען נעבען די כרמים פון ודי-חנין אין אנהויב אב ה׳תרע״ג (1913).

נחום אלקושי.

# זכרונות.

א תּלמיד פֿון דער לידאַ'ער ישיבה, אַ צוהערער פֿון דעם בעוואוסטען מזרחיסטען=פֿיהרער הרב ריינעס איז ער געוועזען די לעצטע פּאָר יאָהר פֿאַר זיין קומען קיין ארץ=ישראל. קיין ירושלים איז ער געקומען פֿאָרטצוזעצען זיין לערנען און ער איז אריינגעטרעטען אלס תּלמיד אין די ישיבה פֿון דעם בעוואוסטען רבי יצחק מתמיד.

געוואוינט האָט ער ביי זיינעם אַ פֿעטער, אַ רב פֿון אַ אמעריקאנישען שטאָט, וועלכער איז צוזאַמען מיט זיין פֿרוי געקומען אויף די עלטערע יאָהרען קיין ירושלים און זיך מפרנס געווען פֿון אַ קליין קלייטעל אין איינער פֿון די יודישע שכונות. ניט האָבענדיג אליין קיין קינדער, האָבען זיי שמואל'ן געהאלטען ביי זיך און געהאָפֿט, אַז ער וועט מיט דער צייט ווערען אַ רב אָדער אַ שוחט. אנדערש האָט אָבער געטראַכט דער יונגער שמואל. זעהענדיג די פּוסטקייט און די נוצלאָזיגקייט פֿון ישיבה=לעבען, ווי יונגע מענשען פֿערשווענדען אויף גאָרניט זייערע בעסטע יאָהרען, פֿערבלייבען אייביגע באַנק=קוועטשער און דאַרפֿען קוקען תּמיד אויף די חלוקה=געלדער, וואָס קומען פֿון חוץ=לארץ, האָט ער פֿערלאָרען דעם חשק אוועקצוגעבען זיין גאַנצע צייט דעם לערנען אין דער ישיבה. דעם תּלמוד, און בכלל די אלטע יודישע ליטעראַטור האָט ער אפילו זעהר ליעב געהאַט, און אויך שפּעטער, ווען ער איז שוין אַ ארבייטער געווען, פֿלעגט ער אויך נאָך יעדען אָווענד נאָך חער ארבייט אָדער פֿאַרטאָגס פֿאַר דער ארבייט לערנען תּלמוד און תּנ"ך; אָבער אנדערש איז דאָס לערנען צוליעב אייגענער בעפֿריעדיגונג, ווי דאָס לערנען צוליעב פּרנסה.

צופֿעליג האָט ער זיך בעקענט מיט אייניגע ארבייטער פֿון „בצלאל" און אַ דאַנק זייער השפּעה איז ביי איהם געבוירען געוואָרען חער געדאַנק צו ווערען אליין אַ ארבייטער, כּדי צו קאָנען זעלבסטשטענדיג איינאָרדנען זיין צוקונפֿטיג לעבען. אין אָנהויב האָט ער אפילו געטראַכט אָנצוקומען אין לעהרער=סעמינאַר און צו ווערען מיט דער צייט אַ לעהרער, נאָר ער האָט דעם געדאַנק באַלד אויפֿגעגעבען, ווייל אויב שוין יאָ אויפֿהערען לערנען צוליעב אַ פּרנסה=צוועק, דאַן איז קיין גרויסער אונטערשיעד ניטאָ צווישען אַ תּלמיד אין ישיבה אָדער אַ תּלמיד אין סעמינאַר; ביידע לערנען צוליעב מאַטעריעלען נוצען און דאָס איז איהם גראָד ניט געפֿעלען. בעסער איז צו ארבייטען און אין דער פֿרייער צייט צו לערנען „תּורה" לשמה. שמואל איז אָנגעקומען אין „בצלאל" און איז געוואָרען אַ ארבייטער. די ארבייט אליין און אויך דאָס צוזאַמענקומען זיך מיט אנדערע יונגע לייט, וואָס האָבען מיט איהם צוזאַמען געארבייט, האָט אויף איהם שטאַרק געווירקט און ער איז געוואָרען אַ גאַנץ אנדערער מענש. דער ענגער קרייז פֿון „ד' אמות של הלכה" איז פֿערבריטערט געוואָרען, און שמואל האָט זיך בעקענט מיט זאַכען, פֿון וועלכע ער האָט פֿריהער זעהר וועניג, אָדער כּמעט גאָרניט געוואוסט. זיצענדיג אַ גאַנצען טאָג אין ווערקשטאָט צוזאַמען מיט אַזעלכע ארבייטער, וואָס זענען שוין אהער געקומען מיט בעשטימטע אידעאַלען פֿון פֿאָלקס=אויפֿלעבונג און נאַציאָנאַלען שאַפֿען, האָט ער זיך דערוואוסט, אַז איצט האָט דאָס קומען קיין ארץ=ישראל אַ גאַנץ אנדערען צוועק, ווי דער, צוליעב וועלכען ער און נאָך אנדערע אַזעלכע זענען געקומען. אין

די געשפּרעכען פֿון זײַנע מיטאַרבייטער האָט ער געהערט רעדען וועגען יודישער אַרבייט אין די קאָלאָניעס פֿון יהודה און גליל, וועגען יודישע שומרים, וואָס שטעלען איין זייער לעבען, כדי צו פֿאַרזיכערען דאָס יודישע פֿאָלקס־אייגענטום אין ארץ־ישראל, און פֿאַר איהם האָט זיך געעפֿענט אַ נײַע און שעהנע וועלט פֿון לעבען און אַרבייטען צוליעב גרויסע פֿאָלקס־אידעאַלען און נאַציאָנאַלע שטרעבונגען. ער האָט אָנגעהויבען צו לעזען די אַרבייטער־פּרעסע פֿון ארץ־ישראל און אויך פֿערשיעדענע ביכער אין יודיש וועגען אַרבייטער־לעבען און פֿאַר איהם האָט זיך ענטפּלעקט אַ נײַער קוואַל, פֿון וועלכען ער האָט אָנגעהויבען צו שעפּען ידיעות וועגען באַציהונגען צווישען מענשען; דערצו האָבען אויך מיטגעהאָלפֿען זײַנע אייגענע איבערלעבונגען אין „בצלאל", וואו איהם איז אויסגעקומען צו זעהן די פֿערשיעדענע עולות מצד די, וואָס שטעהען אין דער שפּיץ פֿון אַנשטאַלט און זייערע באַציהונגען צו די אַרבייטער, פֿון וועלכע איהם אַליין איז אויסגעקומען צו ליידען.

די ערשטע צייט האָט ער זיך מאָרנע געפֿיהלט. עפּיס האָט דאָס ניט האַר־מאָנירט, ניט געשטימט מיט זײַנע רעליגיעזע מיינונגען און געוועהנהייטען און ער פֿלעגט אין זײַנע שמועסען מיט די חברים באַמיהען זיך אויפֿצוווייזען, אַז דאָס אַלץ איז טאַקע גוט, אָבער פֿאַר וואָס ניט פֿרום זײַן? צוליעב וואָס אַוועקוואַרפֿען דאָס „יודישקייט" אין דעם זין ווי ער איז עס געוועהנט געוועזען צו באַגרייפֿען ביז איצט? „צי קאָן מען דען ניט זײַן אַ גוטער און איבערגעגעבענער אַרבייטער פֿאַר פֿאָלקס־אידעאַלען, אַ הייסער קעמפּפֿער פֿאַר די שעהנסטע מענשליכע אידעאַלען, און צו דער זעלבער צייט בלייבען אַ פֿרומער יוד און מקיים זײַן אַלע מצוות און זיך אָבהיטען פֿון עברות?" — האָט ער טענה'ט. ביסלעכווייז אָבער, אַליין ניט באַמערקענדיג ווי אַזוי דאָס איז פֿאָרגעקומען, האָט ער זיך באַפֿרייט פֿון עול פֿון די פֿערשיעדענע רעליגיעזע מנהגים, און אָנגעהויבען לעבען אויף דעם זעלבען שטייגער ווי זײַנע חברים בײַ דער אַרבייט. ס'פֿערשטעהט זיך, אַז וואָס מעהר ער איז פֿרײַער געוואָרען בנוגע די רעליגיעזע צערעמאָניעס, אַלס מעהר איז דאָס ניט געפֿעלען געוועזען זײַן פֿרומען פֿעטער און מוהמע, און עס הויבט זיך אָן אַ סדרה פֿון סכסוכים און רייבונגען אין דער קליינער משפּחה. זענענדיג געצוואונגען צוליעב זײַן קליינעם פֿערדיענסט זיך אויפֿצוהאַלטען בײַ זיי, ליידט ער אַ געוויסע צייט, און דורך די ליידען ווערט ער נאָך מעהר באַוואוסטזיניג און ער באַפֿרייט זיך אינגאַנצען פֿון זײַן ביז־איצטיגען קוק אויפֿן לעבען. צום סוף באַשטימט ער זיי צו פֿערלאָזען און אָנצוהויבען לעבען זעלבסטשטענדיג, אויף אייגענער אחריות און זײַנע באַציהונגען צו „גאָט און לײַט". מיט דעם שריט ענדיגט זיך דער איבער־גאַנגס־פּעריאָד פֿון פֿריהערדיגען אונבאַוואוסטזיניגען ציעל־לאָזען לעבען צום נײַעם לעבען פֿון פּראָדוקטיווער אַרבייט.

פֿון דעמאָלס אָן האָב איך צוזאַמען מיט איהם געוואוינט אין איין צימער די גאַנצע צייט, וואָס ער איז געווען אין ירושלים, און איך האָב געהאַט די מעגליכקייט איהם גוט צו דערקענען. פֿאַר מײַנע אויגען איז ער אויסגעוואַקסען פֿון אַ נאַאיווען ישיבה־בחור, וואָס ווייסט מעהר ניט, ווי צו פֿערטיעפֿען זיך אין די סוגיות פֿון „אביי ורבא" און צו פֿערענטפֿערן די שווערע תוספות־קשיות, אין אַ באַוואוסטזיניגען און ציעל־באַוואוסטען יודישען אַרבייטער אין ארץ־ישראל, וואָס ווייסט און אָנערקענט זײַנע פֿליכטען צו זײַן פֿאָלק און זײַן לאַנד, זײַנע אויפֿ־

גאבען אלס פֿארקעמפּפֿער צוזאמען מיט אלע ארבייטער פֿאר א בעסערע און ליכ־טיגערע צוקונפֿט פֿאר דער גאנצער מענשהייט. א סך מאָל האָט ער אין אונזערע גע־שפרעכען מיט א ערנסט־נאאיווען טאָן אויסגעדריקט זיין פֿערוואונדערונג אויף די ארבייטער אין די קאָלאָניעס, ווי גרויס און טיעף ס'דארף זיין זייער גלויבען אין דער נויטיגקייט און נוצען פֿון זייער ארבייט פֿאר דער צוקונפֿט פֿון פֿאלק, ווי שטארק ס'דארף זיין זייער אָפּפֿערווילינקייט צו ארבייטען אין די פֿערשיעדענע ניט־גינסטיגע און ניט־נארמאלע בעדינגונגען און נאך אלעמען זיין צופֿריעדען, און זייער איינציגע דאגה, זייער איינציגער ווילען זאָל זיין, אז אין די קאָלאָניעס, וואס עקסיסטירען שוין, זאָל זיך פֿערמעהרען די צאָהל יודישע ארבייטער, און אז עס זאָלען זיך גרינדען נייע יודישע קאָלאָניעס אלס א פלאץ פֿאר נייע מחנות יודישע ארבייטער. ער האָט אויפֿגעכאפּט אלץ, וואס ער האָט געהערט אָדער געלעזען אין די צייטונגען וועגען די ארבייטער אין די קאָלאָניעס, ווי אזוי זיי לעבען, מיט וואס זיי בעשעפֿטיגען זיך נאך דער ארבייט, און דאס האָט אויף איהם שטארק געווירקט. מיט א טיעפֿער אויפֿמערקזאמקייט און אינטערעס האָט ער זיך צוגעהערט צו די ערצעהלונגען וועגען דעם יודישען שומרים־לעבען, וועגען זייער אויסערגעוועהנליכען מוט און שרעקלאָזיגקייט און בעוואונדערט האָט ער זייער גבורה און אָפּפֿערווילינקייט. א נייער געדאנק האָט זיך ביי איהם אנגעהויי־בען ענטוויקלען. ס'איז ניט גענוג וואס ער איז אריבערגעגאנגען פֿון דער ישיבה צום ארבייטער־לעבען. ניט אין דער שטאָדט איז זיין פלאץ. אין די קאָלאָניע דארף ער געהן און דארט ווערען א ארבייטער אָדער א שומר. וויל גרויס און שווער איז די אויפֿגאבע פֿון יודישען ארבייטער און שומר, זעהר פֿעראנטוואָרט־ליך פֿאר דער צוקונפֿט פֿון יודישען פֿאלק איז זייער ארבייט, אָבער וועניג, זעהר וועניג זענען זיי דערוויל, און אויף יעדען פֿון די, וואס האָבען שוין אנער־קענט די גרויסע פֿאלקס־אויפֿגאבען און ציעלען וואס שטעהען פֿאר אונז, ליגט א חוב זיך צו שטעלען אין זייערע רייהען און צו פֿערגרעסערן זייער צאָהל.

א סך צייט האָט געדויערט, ביז דער געדאנק איז געוואָרען גענוג קלאָר, כּדי צו קאָנען איהם בעוועגען אריבערצוגעהן צו מעשים, אָבער סוף כל סוף איז דאס פֿארגעקומען, — שמואל פֿערלאָזט ירושלים און פֿאָהרט דערוויל אוועק ארבייטען אין די קאָלאָניעס פֿון יהודה. אָבארבייטענדיג א שטיקעל צייט איז אונטערגעקו־מען דער סעזאָן פֿון שמירה אין די גערטנער פֿון מאנדלען און וויינטרויבען, און ער ווערט א שומר אין דער קאָלאָניע ראשון־לציון.

עטליכע וואכען זענען אריבער. איך בין געקומען קיין ראשון־לציון און באלד זיך נאכגעפֿרעגט אויף שמואל'ן. מ'האָט מיר געזאָגט, אז זיין פּאָסטען געפֿונט זיך זעהר ווייט ביי די זאמדען פֿון עין־הקורא, און אז אין אָוועגד זאָל איך געהן אין יענער זייט און פֿרעגען אויף שמואל'ן ביי די שומרים, וואס איך וועל בעגעג־נענען, וועלען זיי מיר ווייזען וואו איהם צו טרעפֿען.

אויף דער נאכט בין איך אוועק צווישען די כרמים און ביים ערשטען שומר, וואס איך האָב געטראָפֿען, האָב איך געפֿרעגט אויף שמואל'ן. דער שומר האָט מיך געהייסען געהן ווייטער, וועל איך טרעפֿען א צווייטען, וועלכער וועט מיך צופֿיהרען צו דער זייט, וואו ס'געפֿונט זיך שמואל'ס פּאָסטען. פֿארבייגעהענדיג אזוי עטליכע פּאָסטענס האָב איך צום סוף אנגעטראָפֿען אויף א שומר, וואס זיין פּאָסטען גרעניצט זיך מיט שמואל'ס, און מיט איהם בין איך נאך א פֿערטעל־

שעה'דיגען קנעטען אין טיעפען זאמד נעקומען צו שמואל'ן. פינסטער איז געווען, זיין פנים האב איך ניט געקאנט זעהן. פאר מיר איז געשטאנען א יונגער מאן מיט א „כפיה" און „עגל" אויפן קאפ, בעוואפענט, א אויקאליפטוס-שטעקען אין האנד און אויף דער ברוסט דאס שומרים-פייפעל. ער האט מיך באלד אוועקגעפיהרט צו זיין „ביידעל", ניט ווייט אין א פרוכטען-גארטען, מיר געוויזען ווי ער האט זיך „איינגעארדענט", מיך מכבד געווען מיט טיי, וואס ער האט אויפגעקאכט אויף א פייער פון דארע צווייגען, און מיר האבען זיך אוועקגעלאזט „שפאצירען" איבער זיין פאסטען. דערצעהלט האט ער מיר וועגען דער שמירה, ווי פעראנטווארטליך זי איז בכלל, און ווי פעראנטווארטליך און שווער ס'איז זיין פאסטען בפרט. „שטעל דיר פאר — האט ער מיר געזאגט מיט א טיעפער ערנסטקייט — דא איז דער וועג, וואס פיהרט קיין עזה. איצט איז די צייט, ווען גרויסע קאראוואנען פון גמלים אנגעלאדענטע מיט תבואה, געהען דא א דורך. פערשטעהט זיך, אז די אראבער, די קעמלען-טרייבער, זענען געוועהנט נאך פון די פריהערדיגע יאהרען, ווען ס'איז נאך דא ניט געווען קיין יודישע שמירה, זיך ארייננצוכאפען אין די כרמים און צו „נעמען" א ביסעל „ענב". איצט דארפען מיר זיי דערפון אבגעוועהנען. און דאס קומט גאנץ שווער אן. דער פלאץ איז זעהר ווייט פון דער קאלאניע. אויף דער צווייטער זייט וועג ציהט זיך אוועק דער וויסטער זאמד-שטח ביז'ן ים, און אויפן גאנצען וועג, א מהלך פון כמעט א שעה צייט, זענען מיר נאר צוויי שומרים. טאמער טרעפט זיך עפיס מיט איינעם פון אונז, דארף דויערען א לאנגע צייט, ביז דער צווייטער קאן קומען צו הילף. איך פיהל די פעראנטווארטליכקייט נאך מעהר, ווייל איך בין דאך א נייער שומר, — און מיר דאכט זיך, אז אויף אזא שווערען פאסטען האט מען געדארפט שטעלען א שומר, וואס איז שוין לאנג אין דער שמירה און האט שוין פראקטיק אין איהר".

טרויעריג האבען געקלונגען זיינע ווערטער אין דער טיעפער נאכט-שטילקייט, געפיהלט האט זיך אין זיי דאס טיעפע בעוואוסטזיין פון פעראנטווארטליכקייט, וואס בעהערשט איהם, און די מורא, טאמער איז ער ניט פעהיג ווי געהעריג צו ערפילען זיין פליכט אלס שומר.

געזעגענט האב איך אין זיין ביידעל. דעם צווייטען טאג, בעגעגענענדיג זיך אין דער קאלאניע מיט'ן פארשטעהער פון השומר אין ראשון לציון, חבר ס., האב איך איהם געפרעגט וועגען שמואל'ן, צי ער איז א גוטער שומר און פאר וואס ער האט איהם געשטעלט אויף אזא ווייטען און איינזאמען פאסטען. — „אויף אזעלכע פאסטענס דערקענען מיר די „פרישע", צי זיי טויגען פאר אונז. קיין פחדן איז ער ניט, ערנסט און איבערגעגעבען צו דער זאך איז ער אויך, מיר וועלען זעהן וואס ס'וועט פון איהם ארויסקומען", איז געווען זיין קורצער ענטפער אויף מיינע פראגען.

אין עטליכע טעג ארום איז מיר ווידער אויסגעקומען צו זיין אין ראשון-לציון. איך האב שמואל'ן שוין געפונען אויף א אנדערען פלאץ. מיט שמחה און התפעלות האט ער מיר דערצעהלט, אז אין די עטליכע טעג איז ער שוין געווען אויף א צווייטען פאסטען. אין דער זייט, וואס געהט קיין ודי חנין, איז דא א גרויס שטיק ניט-בעארבייט פעלד, פול מיט בערגלעך און טהאלען, א אויסגעצייכענטער פלאץ פאר גנבים, האט מען איהם דארט אוועקגעשטעלט; אין דעם האט ער געזעהען די אנערקענונג פון „בא-כח", אז ער איז ניט קיין שלעכטער שומר,

און אַז מ'קאָן איהם אַנפֿערטרויען אַ פֿעראַנטוואָרטליכען פּאָסטען. און היינט האָט מען איהם שוין ווידער אַריבערגעפֿיהרט אויף די זייט, וואו עס געפֿינט זיך דער וועג, וואָס פֿיהרט קיין רמלה, ניט ווייט פֿון בית־הקברות. פֿאָריגע נאַכט זענען דאָ געוועזען גנבים, האָט מען דעם שומר פֿון דאַנען צוגענומען צו דער אינערליכער קאָלאָניע־וואַך און איהם, שמואל'ן, האָט מען אַוועקגעשטעלט אויף זיין אָרט. ער האָט שוין גערעדט מיט אַ זיכערען טאָן וועגען דער שמירה. אין זיינע ווערטער האָט זיך געפֿיהלט די צופֿריעדענהייט פֿון דעם, וועלכער האָט דאָס בעוואוסטזיין, אַז ער געפֿינט זיך אויפֿן ריכטיגען פּלאַץ. דערמאָהנט האָט ער מיר אויך מיט אַ שמייכעל, ווי ער איז פֿריהער ניט געווען צופֿריעדען דערפֿון, וואָס די אַרבייטער און די שומרים טהוען אָן „כפיה'ס" מיט „עגל'ן", ווי די אַראַבער, ער האָט אין דעם געזעהען אַ מין נאָכגעבען דער השפעה פֿון די אַראַבער. איצט האָט ער געביטען זיין מיינונג בנוגע די שומרים, פֿאַר זיי איז פּראַקטישער די „כפיה" מיט דעם, וואָס זי בעשיצט פֿון פֿערקיהלונג פֿון דעם ביי־נאַכטיגען טוי, און דער „עגל" בעשיצט דעם קאָפּ פֿון „נבוט"־קלעפּ, און דערפֿאַר טראָגט ער זיי אַליין אויך.

און אָווענד האָב איך ווידער מיט איהם אַרומגעשפּאַצירט אויף זיין נייעם פּאָסטען. ס'איז געווען אַ שעהנע לבנה־נאַכט. ער האָט אַליין גערעדט וועגען דער שמירה, ווי זיכער ער פֿיהלט זיך שוין איצט. מיר זענען מיעד געוואָרען און האָבען זיך אַוועקגעזעצט אָפּרוהען ביי דער זייט פֿון וועג. איינער פֿון די פֿיער רייטער־שומרים איז אָנגעפֿאָהרען אויף זיין שקאַפּע, האָט אַביסעל געשמועסט מיט אונז, איז אָפּגעפֿאָהרען אַ ביסעל ווייטער און האָט אָנגעהויבען צו לערנען זיין שקאַפּע אַריבערצושפּרינגען איבער די קאַנאַווע, וואָס האָט זיך געפֿונען ביי דער זייט פֿון וועג. שמואל האָט מיט קנאה געקוקט אויף דעם רייטער'ס בעוועגונגען און פֿער'חלומ'ט אָנגעהויבען צו פֿאַנטאַזירען, אַז אין גיכען וועט זיך אָנהויבען דער „בציר", ער וועט אַוועק קיין ירושלים, וועט ענדיגען זיינע חשבונות אין „בצלאל", וועט נעמען זיינע זאַכען און פֿאָהרען קיין גליל. דאָרט, אין דעם נעסט פֿון „השומר", וועט ער ערנסט זיך נעמען צו דער וואַך, ער וועט שוין מעהר ניט זיין אַ סעזאָן־שומר, ווי דאָ אין די כרמים; ער וועט זיין אַ יעהרליכער שומר אין איינער פֿון די גליל'ער קאָלאָניעס. ער וועט זיך אַרויספֿאַרבייטען און ווערען אַ „רייטער", ער וועט קריגען אַ שקאַפּע און דאַן, ערשט דאַן, וועט זיך פֿאַר איהם אָנהויבען די אמת'ע תקופה פֿון שמירה, ערשט דאַן וועט ער פֿיהלען, אַז ער ערפֿילט זיין חוב אַלס שומר, ווייל ניט קיין פֿוס־געהער־שומר וועט ער זיין, וואָס קאָן היטען נאָר זיין אָפּגעגרעניצטען ענגען פּאָסטען; אַ רייטער וועט ער זיין און רייטענדיג אויף זיין שקאַפּע, וועט ער ווי אַ וויכער זיך אַרומטראָגען אויף די ברייטע גליל'ער תבואה־פֿעלדער, און אונטער זיין השגחה וועט זיך געפֿונען אַ גרויסער שטח, וואָס דאָס אויג קאָן ניט כאַפּען זיינע גרעניצען. ווי גוט וועט ער זיך דאַן פֿיהלען... דעמאָלס, און נאָר דעמאָלס וועט ער זיכער זיין, אַז ער איז אַ „שומר", איינער פֿון די, אָהן וועלכע ס'איז ניט מעגליך די פֿערזיכערונג פֿון אונזערע ערוואָרבענע פּאָזיציעס אין אונזער לאַנד, אין ארץ־ישראל.

* * *

ניט בעשעהרט איז איהם געווען צו פֿערווירקליכען זיין אידעאַל: צו קומען אין דעם נעסט פֿון „השומר" און צו ווערען דאָרט דאָס, צו וואָס ער האָט אַזוי

געגארט.

א שטיקעל צייט נאך איידער דער „בציר“ האט זיך געענדיגט, האבען איינינגע אראבער פון א דורכגעהענדיגער שיירה געפרובט גנב'ענען טרויבען. דעם שומר, וואס האט זיי געוואלט שטערען, האבען זיי שטארק געשלאגען, איהם געבונדען, אראבגעריסען פון איהם זיין געוועהר און אנטלאפען. אנדערע שומרים, וועלכע זענען אנגעקומען, דערהערענדיג די סיגנאלען פון געשלאגענעם נאך איידער מ'האט איהם געבונדען, זענען נאכגעלאפען די אראבער, זיי אנגעיאגט אין מיטען וועג צווישען ודי-חנין און רחובות, און האבען ביי זיי געפאדערט צוריק דאס פערנומענע געוועהר. ס'איז געווארען א געשלעג, עס זענען אנגעקומען אראבער פון נאהענטען דארף, זיי זענען צוגעשטאנען צו די אראבער פון דער שיירה און זיי געהאלפען געגען די עטליכע שומרים פון ראשון. עס זענען געקומען צו לויפען א פאר יודישע שומרים פון רחובות צו הילף די ראשונ'ער, און אין דער שיעסעריי פון ביידע צדדים זענען עטליכע יודען לייכט פערוואונדעט געווארען און איין אראבער איז שווער פערוואונדעט געווארען. די ארבייטער און די איבעריגע שומרים פון ראשון זענען אלע געלאפען צו דעם פלאץ, וואו דאס געשלעג איז פארגעקומען. שמואל, וועלכער האט אויף זיין פאסטען געהערט די סיגנאלען וואס האבען גערופען צו הילף, איז אויך געלאפען, אבער נית מיט דעם זעלבען וועג וואס אלע. ער איז אוועק איבער די פעלדער מיט א נעהנטערען וועג און האט אנגעטראפען פונקט אויפן פלאץ, וואו עטליכע אראבער זענען געזעסען און געהיטען זייערען א שווער פערוואונדעטען. דערזעהענדיג שמואל'ן האבען זיי איהם דערשאסען. די שפעטער אנגעקומענע שומרים פון ראשון האבען איהם געפונען א טויטען. זיין קערפער איז געוועזען צולעכערט פון די קוילען, וואס מ'האט אין איהם אריינגעשאסען. א פאר חברים זענען געבליבען היטען דעם טויטען קערפער, און די איבעריגע זענען אוועק ברענגען א וואגען פון רחובות, אויף וועלכען מ'זאל איהם ברענגען אין די קאלאניע. צוזאמענגעס האבען איהם אלע ארבייטער און שומרים בעגלייט צו זיין אייביגער רוה.

ניו-יארק, אדר א' תרע"ו.



# לעוויטאן.

פון א אנדערער וועלט איז' ער געקומען קיין ארץ־ישראל. ער איז געווען א קינסטלער. אלס קינד זענען ביי איהם געשטארבען די עלטערן, און ער איז געבליבען א יתום אהן מיטלען צום לעבען און 'צו ענטוויקלען זיין טאלאנט. א קריסט א פילאנטראפ, וועלכער האט בעמערקט זיינע פעהיגקייטען, האט איהם אויף זיין חשבון געשיקט קיין אדעס אין די קונסט־שולע און פון דארט איז ער אריבערגעפאהרען קיין פעטערבורג צו פערפאלשטענדיגען זיין שטודיום. אלס יוד האט ער דארט ניט געטארט וואוינען און ער האט דעריבער געמוזט פערלאזען די שטאדט צוזאמען מיט די האפנונגען אנצוקומען אין די אקאדעמיע. דאן איז ער גענומען געווארען צום מיליטער־דיענסט. אבדיענענדיג א קורצע צייט איז ער אנטלאפען קיין פאריז. דערווייל איז געשטארבען דער פילאנטראפ, וועלכער האט איהם געשטיצט, און לעוויטאן האט געמוזט איבעררייסען 'זיין שטודיום. א געוויסע צייט האט ער געלעבט אין פאריז, ערנעהרענדיג זיך פון ארבייט. ער האט זיך אבער דערמיט ניט געקאנט בעפרידיגען און א פאר חדשים פאר זיין טויט איז ער געקומען קיין ארץ־ישראל און איז געווארען א שומר. זיין ארבייט האט ער ערפילט געטריי און איבערגעגעבען. ניט קוקענדיג דערויף, וואס ער איז געווען ניי ביי דער ארבייט, האט מען איהם אנפערטרויט איינעם פון די שווערסטע און געפעהרליכסטע פונקטען, וויסענדיג ווי ווייט מ'קאן זיך אויף איהם פערלאזען.

אין א פינסטערער נאכט, שטעהענדיג אויף דער וואך אין איינעם פון די רחובות'ער כרמים, האט ער דערשפירט אראבער, וואס זענען געקומען גנב'ענען, און ער איז צו זיי צוגעלאפען. די גנבים האבען אויף איהם געשאסען און דער־הרג'עט. ווען די ארומיגע שומרים זענען אנגעקומען האבען זיי איהם שוין געפונען א טויטען מיט א מעסער אין דער האנד און נעבען איהם — א זאק מאנדלען, וועלכען די גנבים האבען איבערגעלאזען אנטלויפענדיג...





## משה באָרסקי,

האָט געשטאַמט פון סקווירא, קיִעווער גובערניע. אין ארץ־ישראל האָט ער די גאַנצע צייַט געאַרבייַט אַלס מיטגליעד פון קאָאָפּעראַטיוו אין דער ארבייַטער־פאַרם דגניה. כ״ב חשון ה׳תרע״ד איז ער דער׳הרג׳עט געוואָרען דורך אַראַבער־רויבער אויפ׳ן וועג צו מלחמיה.

ש. דין.

# זכרונות.

א קינד פֿון דאָרף, פֿון דער נאַטור איז משה געווען. דאָרט, אין דעם דאָרף, וואו ער איז געבוירען געוואָרען, אין קיעווער גובערניע אין רוסלאַנד, האָט ער מעהר דערקענט דאָס לעבען פֿון די גויים, איידער דאָס יודישע לעבען. די נאַטור פֿון זיין געבורטס-אָרט, דעם טייך, דעם פֿישער, דעם פויער, דאָס פֿערד — זיי האָט ער געקענט און וועגען זיי פֿלעגט ער ליעב האָבען צו דערצעהלען.

די יוגענד-קראַפֿט פֿון נאַטור-קינד און די ציוניסטישע ערציהונג, וואָס ער האָט בעקומען אין שטעדטעל סקווירא, האָבען איהם געבראַכט קיין ארץ ישראל. און דאָ אין לאַנד האָט ער ניט געוואוסט פֿון דעם יאוש און צרות, פֿון וועלכע עס ליידען אַזוי אונזערע אַרבייטער. ער איז געווען דורכגעזאַפּט מיט דער פֿרישקייט פֿון דער נאַטור און דעריבער זענען איהם פֿרעמד געווען די ספקות און די סתירות פֿון לעבען.

און די אַרבייט און די נאַטור האָבען איהם אויפֿגענומען מיט אָפֿענע אָרעמס. אין זיי האָט ער געפֿונען אַ אינהאַלט פֿאַר זיין לעבען, זיי האָט ער געשענקט זיין נשמה. דגניה איז געווען זיין אַרבייטס-פּלאַץ פֿון ערשטען טאָג אָן. ער האָט ניט געוואוסט פֿון קיין שוועריגקייטען ניט אין דער אַרבייט און ניט אין לעבען.

ער פֿלעגט אין זיך איינזאַפּען די ווערטער פֿון זיינע חברים און פֿלעגט זיי אָפֿט איבער'חזר'ען. פֿלינק און פֿלייסיג איז ער געווען אין זיין אַרבייט און אין אַלעם. ער פֿלעגט שטענדיג טאַנצען און שפּרינגען. אַ אינערליכע קראַפֿט פֿלעגט אַרויסשפּריצען פֿון איהם און זיך צוגיסען אַרום איהם. פֿון חשק אַרבייט האָט ער געשעפּט זיין פֿרייד און זיין אומעט.

אַ זעלטענער טיפּ צווישען די יודען, צווישען אונזערע אַרבייטער אין לאַנד.

זעהר יונג איז געווען משה באַרסקי, נאָך קיין נייננצעהן יאָהר ניט. וועניגער ווי נייננצעהן יאָהר איז ער אַרומגעגאַנגען אויף דער ערד און האָט גאָרניט געזעהען. דאָס לעבען איז איהם געבליבען פֿרעמד. די שעהנקייט פֿון דער קולטור, די קונסט, די פּאָעזיע און די וויסענשאַפֿט פֿון בוך — מיט דעם אַלעם האָט ער זיך ניט בעגעגענט ניט אין סקווירא און ניט אין דגניה.

נאָר אַכט חדשים האָט ער מיט אונז געלעבט, און פֿאַר דער קורצער צייט איז ער געוואָרען שטאַרק צוגעבונדען צו די חברים, צו דער אַרבייט און צום אָרט. נאָר דער טויט האָט זיי געקאָנט צושיידען. אויך אין לאַנד גופא האָט ער נאָך גאָר ווייניג געזעהען — נאָר דעם גליל התחתון. ער האָט בדעה געהאַט פּסח זיך דורכצושפּאַצירען קיין גליל העליון.

עלענדער! ער האָט גאָרניט געפֿיהלט, וואָס עס ערוואַרט איהם.

און די ריינע נשמה, דער פֿרישער יונגער משה'קע ליגט אונטער 'אַ קליין בערגעלע ערד אין דעם איילבירטען-גאָרטען, אין וועלכען ער אַליין האָט דאַן געאַרבייט און געאַקערט.

אין מיינע הענד שפּירט זיך נאָך דער ריח פֿון בלוט, וואָס איך האָב איינ-איינעם מיט דער ערד אין זיין קבר אַריינגעלעגט.

עס פֿערקלעמט דאָס האַרץ, דערמאָהנענדיג זיך אָן דעם בילד פֿון דעם

יונגען משה'קע פֿון יענעם שבת־צו־נאַכטס כ"ה חשון אין מלחמיה בײַם ירדן. הײליג איז מיר יעדע ערינערונג װעגען איהם, הײליג די מינוט, װען מיר האָבען חערזעהען זײַן פֿערבלוטיגט־פֿערװאונדעטע פנים.

משה'קע האָט אלײן אָנגעבאָטען, אז ער װיל געהן אװעקטראָגען רפואות פֿאַר א קראַנקען אין מלחמיה. און אויף זײַן װעג צוריק זענען איהם זעקס גזלנים באַפֿאַלען און האָבען געװאָלט בײַ איהם צונעמען די פרדה, אויף װעלכער ער איז געריטען. זער איז אראָב פֿון דער פרדה, האָט איהר א שמיץ געטהון מיט דער בײַטש און זי פֿערטריבען א הײם. ער אלײן איז געבליבען און האָט געקעמפֿט מיט די זעקס אראַבער. ביז צו דער לעצטער קויל האָט ער זיך געגעבען א װידערשטאַנד. פֿון די זעקס אראַבער זענען נאָר פֿיער איבערגעבליבען. צװײ זענען געפֿאַלען פֿון זײַנע קוילען.

ער אלײן איז אָבער אויך סוף כל סוף געפֿאַלען אין דעם ניט גלײַכען קאַמפֿף.

---

ג. קאַמענעצקי.

# משה'קע.

די שיף איז אין אָװענד אָנגעקומען קײַן חיפה. באַלד אין דער פֿריה בין איך געגאַנגען קײַן דגניה, װאו איך האָב געטראָפֿען מײַנע חברים, װעלכע איך האָב שוין ניט געזעהען פֿינף יאָהר. מײַנע פֿרײַנד האָבען זיך פֿאַר דער צײַט זעהר געענדערט און זײ זענען געװאָרען רײַפֿע, דערװאַקסענע מענשען, נאָר דער אויסדרוק פֿון טעזיכט איז געבליבען דער זעלבער, אָפֿען און לויטער.

דעם יאוש און די פֿערביטערונג, מיט װעלכע עס צײַכענט זיך אזוי אויס אין דער לעצטער צײַט די יודישע יוגענד אין רוסלאַנד, האָב איך בײַ זײ ניט געפֿונען. פֿון זײַערע דרײַסטע בליקען האָט גערעדט א דאָרפֿישע מונטערקײַט און פֿרישקײַט.

איך האָב אזוי געשטרעבט צו זעהן מיט מײַנע אויגען אמת'ע יודישע ערד־ארבײַטער, אז נאָך אײַחער איך האָב מיך אויסגערוהט פֿון װעג בין איך געגאַנגען אין שײַער. דאָרט האָב איך געטראָפֿען אַנ'ערך פֿון 30 יודישע ארבײַטער. דער שװײס האָט פֿון זײ גערונען, זײַערע העמדער זענען געװען דורכגענעצט. עס איז געװען א אונבעשרײַבליך הײסער טאָג, אָבער די ארבײַטער האָט די היץ װעניג געאַהרט און זײ זענען אונגאַנצען געװען פֿערטיעפֿט אין זײַער ארבײַט. מיר האָט דער קאָפּ געשװינדעלט פֿון היץ, אָבער עס װאָלט פשוט געװען א חרפה דאָס אויסצוזאָגען. צו מײַן גליק איז שוין געװען נאָהענט צום מיטאָג און באַלד זענען די ארבײַטער געגאַנגען זיך באָדען אין ירדן.

אין גרויסען עס־צימער פֿון דגניה איז אלץ געװען צוגעגרײט צום עסען. די ארבײַטער זענען זיך צוזאַמענגעקומען און זיך געזעצט ארום טיש. דערװײַל, װאַרטענדיג אויף דעם עסען, האָט מען זיך אונטערגעהאַלטען אדער מ'האָט עפּיס אנדערש געטהון. מאַנכע האָבען געלעזען, אנדערע האָבען דערצעהלט, װאָס זײ האָבען געלעזען, אנדערע װידער האָבען געפֿיהרט א פֿילאָזאָפֿישען שמועס. מיך האָט אָבער בעזונדערס צוגעצויגען א טיש־װינקעל, בײַ װעלכען עס איז געזעסען א פֿרעהליכע געזעלשאַפֿט, האָט געזונגען לידער און צוגעקלאַפּט צום טאַקט מיט

די קאַפּעל אויף די לעדיגע טעלערס. דאָס געזאַנג איז געוואָרען וואָס אַמאָל פֿרעהליכֿער און האָט אויך מיטגעריסען די איבעריגע. די לעזער האָבען פֿערלאָזען זייערע ביכֿער און באַלד האָט אויך די גאַנצע געזעלשאַפֿט אָנגעהויבען מיטצוזינגען. אָט פֿערציהט איינער „אל יבנה הגליל“, אַלע זינגען מיט און מאָדנע קלינגט דאָס פֿרעהליכֿע געזאַנג אין דער הייסער, שטילער געגענד ביי די ברעגעס פֿון כנרת.

דאָס בילד ענדערט זיך; איינער לעגט פֿאָר צו טאַנצען. אַ גאַנץ יונגער מענש, אַ ברייט־פּלייציגער, מיט העלע האָר און בלויע אויגען, וועלכֿע פֿינקלען לעבענס־לוסטיג, שפּרינגט אַרויס און הויבט אָן צו טאַנצען. זיינע אויגען גלאַנצען און זיין טאַנץ שטעקט אַזוי אָן, אַז אַ סך ווערען מיטגעריסען און לאָזען זיך טאַנצען נאָך איהם. מ'נעמט זיך אָן ביי די הענד און דער ארץ־ישראל'דיגער „האָראַ“ הויבט זיך אָן. אַ ליידענשאַפֿטליכֿע שעהנקייט ליגט אין דעם דאָזיגען „האָראַ“־טאַנץ, אַ התלהבות, אַ ווילדער פֿריי־אויסברוך פֿון מענשען, וואָס האָבען זיך אָבגעריסען פֿון קייטען.

באַלד איז אָבער געקומען דער „תורן“ (דער אַרבייטער, וועלכֿער איז לויט דער רייה דער משגיח איבער דער קוך) און האָט פֿערשטערט די שמחה. ער האָט גערופֿען צום טיש. דער עולם האָט איהם שנעל געפֿאָלגט און איז געוואָרען רוהיג, נאָר איין פֿרעהליכֿע גרופּע מיט דעם בלוי־אויגיגען בחור אין דער מיט האָט זיך ניט בערוהיגט, נאָר איז די גאַנצע צייט געבליבען לוסטיג און בעוועגליך.

די גאַנצע צייט האָב איך זעהר נייגעריג בעטראַכֿט די אַרבייטער, אָבער דער יונגער בחור האָט בעזונדערס מיך צוגעצויגען. ער איז דאָך נאָך געווען אַזוי בלוט־יונג, ווי קומט ער צווישען די פֿערהאָרעוועטע אַרבייטער פֿון דגניה? אָבער נאָך מעהר האָב איך מיך געוואונדערט, ווען דער פֿערוואַלטער פֿון דער ווירטשאַפֿט האָט נאָך דעם עסען לויט דער רייה פֿערטיילט צווישען די אַרבייטער די אַרבייט פֿאַר דער קומענדיגער וואָך און דעם בחור האָט ער אויך אָנגעוויזען אַ וואָך־פּאָסטען.

באַלד נאָכֿדעם האָב איך פֿאַר דעם פֿערוואַלטער אויסגעדריקט מיין פֿערוואונדערונג, ווי אַזוי ער האָט אַזאַ פֿעראַנטוואָרטליכֿע אַרבייט, ווי די וואַך, געקאָנט געבען אַזאַ יונגען מענש. „אַהאַ, דו קענסט נאָך ניט אונזער משה'קען (אַזוי האָט מען איהם גערופֿען), האָט ער מיר געענטפֿערט, איהם קאָנסטו איבערגעבען די פֿעראַנטוואָרטליכֿסטע אַרבייט. שפּעטער האָב איך מיך איבערצייגט, אַז ער איז געווען גערעכֿט. אין דער צייט, וואָס איך האָב פֿערבראַכֿט אין דגניה, האָב איך משה'קען ליעב בעקומען. ער איז געווען דער טיפּ פֿון אַ גייסטיג און קערפּערליך געזונדען אַרבייטער. ער איז געווען אַ אַרבייטער, פֿאַר וועלכֿען די אַרבייט איז ניט געווען קיין מיטעל צום צוועק, נאָר אַ צוועק פֿאַר זיך אַליין. משה'קע האָט אינסטינקטיוו געפֿיהלט, וואָס ארץ ישראל האָט געפֿאָדערט פֿון איהם, און אין די זעקס חדשים, וואָס ער האָט געלעבט אין לאַנד, איז ער געוואָרען אַ מוסטערהאַפֿטער מענש. אפילו צווישען די ערפֿאַהרענע אַרבייטער פֿון דגניה האָט ער זיך אויסגעצייכֿענט. דרייסטקייט, ענטשלאָסענקייט און אַ געוויסע פֿעהיגקייט צו בעאָבאַכֿטען און צו אָריענטירען זיך אין יעדער לאַגע — די מעלות, מיט וועלכֿע דער ארץ־ישראל'דיגער אַרבייטער צייכֿענט זיך אויס — האָבען זיך ביי משה'קען שנעל ענטוויקעלט.

ווען איך האָב אַמאָל גענעכֿטיגט אין דגניה, האָט מיך אין דער פֿריה אויפֿגעוועקט אַ גערויש. איך בין אויפֿגעשטאַנען און האָב געזעהען משה'קען אַרויסגעהן מיט אַ רעוואָלווער אין דער האַנד. איך האָב געמיינט אַז ער ציעלט זיך אויף אַ

שלאַנג און האָב געוואָרט אויפֿן שאָס. ס'איז אָבער אריבער מעהר ווי א פֿערטעל שעה און משה'קע איז ניט צוריקגעקומען. איך בין ארויסגעגאַנגען איהם זוכען. באַלד זעגען מיר אקעגען געקומען צוויי אראבער און הינטער זיי—משה'קע, אין איין האַנד האָט ער געהאַלטען אַנגעשטעלט אויף זיי דעם רעוואָלווער און אין דער צווייטער האַנד—זייערע ביקסען. ער האָט בעמערקט, ווי זיי גנב'ענען אין גאַרטען מעלאָנען און הגם זיי זענען געווען צוויי, איז עס איהם געלונגען זיי צו ענטוואָפֿענען און צו ברענגען אין די פֿאַרם.

ווען אָבער די אראבער האָבען אָנגעהויבען צו בעטען רחמים, אז מ'זאָל זיי פֿריי לאָזען, ווייל דער הונגער האָט זיי געצוואונגען צו געהן גנב'ענען, איז משה'קע געווען דער ערשטער, וועלכער האָט זיך אָנגענומען פֿאַר זיי; ער האָט גע'פּועלט, אז מ'זאָל זיי בעפֿרייען און זיי צוריקגעבען די ביקסען.

משה'קע איז ניט נאָר געווען א מוטיגער שומר, נאָר אויך א גוטער ארבייטער. ער האָט געארבייט פֿלינק און לייכט. בעת דער ארבייט איז ער געווען זעהר ערנסט, זיין בליק איז געווען פֿערטיעפֿט, ער האָט דאַן אויסגעזעהען א סך עלטער ווי ער איז. מיטאָג־צייט האָט אין הויף ווידער געקלונגען משה'קעס פֿרעהליך געזאַנג און ער האָט ארייגעטאַנצט אין עס־צימער. פֿאַר אונז איז ווידער געשטאַנען דער גוטער, ליעבער משה'קע.

אין דער ערשטער צייט האָב איך משה'קען געטראָפֿען אין דער ביבליאָטעק פֿון דגניה. ווען ער האָט עפּיס ניט פֿערשטאַנען ביים לעזען האָט ער זיך גערן גע־ווענדעט צו זיינע חברים, אז זיי זאָלען איהם ערקלערען און וואָס מ'האָט איהם גע־זאָגט האָט ער אויסגעהערט און זיך בעמיהט צו בעהאַלטען אין זכרון.

אין אלעם האָט זיך ארויסגעוויזען זיין ריינע נשמה און עהרליכע נאַטור, עס איז אונמעגליך געווען איהם ניט ליעב צו האָבען.

איין מאָל בין איך קראַנק געוואָרען אויף א שווערען פֿיעבער. איך בין א פּאָר טעג געלעגען כמעט אָהן בעוואוסטזיין. ביי נאַכט בין איך אויפֿגעקומען און געזעהען משה'קען נעבען זיך. זיינע אויגען האָבען אויסגעדריקט אזוי פֿיעל מיטגעפֿיהל און פֿריינדשאַפֿט! איך האָב איהם געבעטען זיך צו זעצען נעבען מיר אויפֿן בעט. דעמאָלס האָט מיר משה'קע דערצעהלט וועגען זיינע ארץ־ישראל'דיגע איינדרוקען.

ער האָט מיר דערצעהלט, ווי גליקליך ער איז דאָ, ווי פֿריי עס עטעמט זיך אויף די פֿעלדער אין ארץ־ישראל. ער האָט גענומען דאָס לעבען זעהר פּשוט, אלץ איז פֿאַר איהם געווען קלאָר. דאָס האָט מיך צוערשט זעהר טרויעריג געשטימט, איך האָב געטראַכט, וואָס עס וועט פֿון איהם ווערען, ווען ער וועט זיך צוזאַמענשטויסען מיט'ן בייזען לעבען, ווי אזוי וועט דאָס ווירקען אויף זיין יונגע איידעלע נשמה. שפּעטער אָבער האָט ער אליין אָנגעהויבען צו רעדען וועגען די נעגאַטיווע זייטען פֿון לעבען אין ארץ־ישראל. ער האָט געוואוסט וועגען דעם שלעכטען, אָבער דאָס האָט ביי איהם ניט צוגענומען דעם מוט, נאָר עס האָט ביי איהם דערוועקט דעם חשק עס צו פֿערבעסערן, צו רייניגען. ער האָט שטאַרק גע־גלויבט אין זיינע אייגענע כחות, אין די כחות פֿון זיינע חברים און אין דעם כח פֿון יודישען פֿאָלק, וועלכעס וועט סוף כל סוף ערוואַכען צו א נייעם לעבען.

שטאָלץ און קרעפֿטיג האָט געקלונגען זיין שטים, ווען ער האָט גערעדט וועגען דער צוקונפֿט פֿון יודישען פֿאָלק אין ארץ־ישראל. דאָ איז פֿאַר מיר געשטאַנען ניט דער פֿרעהליכער משה'קע, וועלכען איך האָב צוערשט געזעהען אין עס־צימער אין דגניה, נאָר א שטאָלצער יוד, א מענש, וועלכער האָט געפֿונען זיין וועג אין לעבען.

# אַ בריעף.

סקווירא, ז׳ תשרי תרע"ד.

געעהרטע חברים—די גרופּע פון דגניה!

איך האב בעקומען אייער טייערען בריעף, געשריבען מיט טרעהרען און מיט בלוט. אין איהם האב איך געלעזען אמת'ע ווערטער, וואס געהען ארויס פון ליעבענדע הערצער, פון פריינד, וועלכע זענען פערבונדען מיט א הערצליכען בונד, וועלכער וועט קיינמאל ניט צוריסען ווערען.

טייערע ברידער! וואס מיר האבען ניט ערווארט האט פאסירט. א גרויס אומגליק איז געקומען אויף אונז, אבער איך גלויב, אז אייער גייסט וועט ניט פאלען און איהר וועט ניט צוריקגעהן חלילה. אדרבא! איך האף, אז דאס אנדענקען פון מיין פערשטארבענעם זוהן וועט אייך נאך צוגעבען מוט און שטאלץ בייצושטעהן אייער היילינגע מלחמה ביז מיר וועלען פערווירקליכען אונזער גרויסען געדאנק, וואס צוליעב איהם האט מיין זוהן מקריב געווען זיין בלוט און לעבען.

ברידער! ניט נאר דאנקען אייך פאר אייער מיטגעפיהל, נאר אויך טרייסטען וויל איך אייך, ווייל מיין צער איז דאך אויך אייער צער. לאמיר־זשע האפען אינאיינעם, אז דאס בלוט פון אונזער גרויסען קרבן — דאס בלוט פון מיין זוהן און אייער ברודער משה וועט בעוויליגט ווערען, און אפשר וועט דאס זיין דער לעצטער קרבן אויפן מזבח פון אונזער היילינגען געדאנק.

מיט ציונ'ס־גרוס און מיט טרייסט

אייער פערעהרער, וואס האפט אויך זיך צו בעקענען מיט אייך

**הירץ בארסקי.**





**יוסף זאַלצמאַן.**

געווען אַ ערד־אַרבײַטער. סוף חשון ה׳תרע״ד (1913) זענען אויף איהם אָנגעפאַלען פיער אַראַבער און דער׳הרג׳עט נעבען דער נאַציאָנאַל־פאָנד־פאַרם כנרת.

אלכסנדר.

# זכרונות.

ס'איז געווען ווינטער 1912. נאך דער רוסישער רעוואלוציע. ווי ביי פֿערליעבטע, וואס האבען זיך מיט א מאל אויסגעניכטערט, האט געמאטערט א פוסטקייט. א טייל איז אוועק צו זיינע ענגע פּערזענליכע אינטערעסען, א טייל האט זיך געראטעוועט מיט קונסט, מיט עסטעטיק. ס'איז געווען א כאראקטערלאזע צייט.

פֿאר די ווענינע, וואס זענען אויך פֿריהער, אין טומעל-צייט, געווען פֿערבונדען מיט ארץ-ישראל, איז איצט דאס לאנד געווארען נאך נעהנטער און וויכטיגער.

אין דער צייט פֿון דער רעוואלוציע איז מען געווען זעהר פֿערנומען. פּאלעסטינא איז געווען ניט מעהר ווי א ווייטע אבסטראקציע; א מין געמיש פֿון דער חדר-ראמאנטיק מיט'ן חורבן-קאשמאר... ארץ-ישראל איז געווען אונקלאר און ווייט.

ווען פֿון דעם רוסישען „משיח" — פֿון דער רעוואלוציע האט זיך גאר ניט אויסגעלאזען, דאן האט ערוואכט א נייער אינטערעס צו ארץ-ישראל. ס'האט זיך געוואלט קענען און וויסען דאס לאנד.

דערצו די אפּטע גרוסען, וואס פֿלעגען אנקומען פֿון דארט, די דאזיגע גרוסען, און וועלכע ס'האט געקלונגען א נאטקע פֿון גלויבען אין זיך און פֿון שטאלץ, האבען נאך מעהר געריי‏צט און גערופֿען „אין לאנד, וואו..." אין דעם טעמפּען ווינקעל פֿון די „הזמיר'ס", „ליטעראַרישע פֿעראיינען" איז טויט לאנגווייליג געווארען. ארץ-ישראל האט געוואונקען פֿון דער ווייטענס; אפשר איז דארט די לופֿט פֿרייער צו אטמען... אפשר א ביסעל היימישקייט פֿאר זיך אליין... א טראפּען מנוחה פֿאר א יודישער נשמה...

* * *

אין יענעם ווינטער איז יוסף זאלצמאן געקומען פֿון ארץ-ישראל קיין ווארשא זיך שטעלען צום „פּריזיוו".

א העלער בלאנדין מיט ברייטע פּלייצעס מיט א נאך ברייטערען און העלערען שמייכעל. זיינע גאלדענע, פֿון דער זון-אבגעברענטע לאקען, וואס זענען איהם אראבגעהאנגען איבער דעם שטערן, און די איינפֿאכע ניט ווארשאווער מלבושים האבען איהם ארויסגעגעבען פֿאר א ניט-היעגען.

זיין קומען איז פֿאר מיר געווען א זאך אין דער צייט. כ'האב נאך קיינמאל ניט אזוי ווי דאן געבענקט נאך א פֿרישען לעבעדיגען גרוס פֿון ארץ-ישראל. כ'האב אבער שנעל דערפֿיהלט, אז ניט יאסעל איז דער מענש פֿון דערצעהלען. וועגען א לאנד דערצעהלען קאן נאך אפשר דער טוריסט, דער מענש מיט די ערשטע איינדרוקען, אבער דער איינגעלעבטער מענש — איהם איז עס שווער. די אייגענארטיגקייט פֿון זיין סביבה בעמערקט ער ניט אזוי גוט. ס'קומט איהם פֿאר נאטירליך און געוועהנליך. בפרט יאסעל, וואס האט נאר געפֿיהלט די אטמאספֿערע און די שטומע ניואנסען פֿון פּאלעסטינא — ער האט ניט געקאנט דערצעהלען.

איינמאל האב איך יאסלען צונויפֿגעפֿיהרט מיט א געוויסען ציוניסט. א יוד א סוחר, האט ער זיך א נעם געטהון פֿונאנדערפֿרעגען: וועלכע געשעפֿטען קאן מען דארט מאכען? וויפֿיעל פֿערדיענט א קרעמער, א ארבייטער? ווי טייער איז א פֿוד ווייץ, האבער? — יאסעל האט געקוועטשט מיט די פּלייצעס און ניט געוואוסט וואס צו טהון מיט דעם יוד. „כ'וויים, א מאל טייערער, א מאל ביליגער, א מאל

פֿערדיענט מען מעהר, אמאָל ווייניגער — וואָס איז אייגענטליך די נפקא מיניה?“ די צוויי מענשען האָבען זיך ניט געקאָנט צוזאַמענרעדען. פֿאַר יאָסל'ען איז דאָך דאָס געווען ניט קיין „סטאַטיסטיק“ און אפילו ניט קיין פּעקעל פּראָבלעמען, נאָר אַ אינטימע אָנגעלעגענהייט, דער סוד פֿון זיין לעבען...

ער האָט זעהר ווייניג דערצעהלט וועגען ארץ־ישראל, נאָר אין זיין גאַנצען האַלטען זיך, אין זיין לאַכען און זינגען האָט זיך גוט געפֿיהלט, אז דער מענש לעבט מיט אַנדערע הימלען, מיט אַנדערע ווייטע ניט היגע אינטערעסען.

מיר האָבען זיך בעפֿריינדעט. ער האָט מיך גערופֿען ביי מיין העבּרעאישען נאָמען „צבי“... פֿון די אָבגעריסענע בעמערקונגען און אגב אורחא דערצעהלטע עפּיזאָדען איז מיר ביסלעכווייז נעהנטער און בעגרייפֿליכער געוואָרען די טראַגישע שעהנקייט פֿון דעם לעבען, וואָס עס מאַכען אַ דורך די יודישע אַרבּייטער און שומרים אין ארץ־ישראל.

נאַטירליך, נאָר דונקעל האָב איך עס געשפּירט און עס האָט געצויגען און בעאונרוהיגט...

אַ קליינינקייט — און עס געדענקט זיך:

זענענדיג אין וואַרשאָ האָב איך זעהר ניט ליעב געהאַט די „חובבים“ מיט זייער „שלום“. עפּיס פֿוילעס איז געווען אין דעם. נאָר אַ מאָל אין מיטען דער טומעלדיגער און בעלעבּטער געשאַ־גאַס האָט זיך יאָסעל מיט מיר געזעגענט, גוט־ברודעריש די האַנד געדריקט און הויך „שלום“ אויסגעשריגען. דאָס מאָל האָט דער „שלום“ אַזוי סימפּאַטיש מיר אָבגעקלונגען; נאָר אַ אַנדער מונטערקייט, פֿרישקייט פֿון קלאַנג, אַ טאָן פֿון אַ לעבּעדיגען מענש. און אַ אונקלאָרע האָפֿנונג האָט געשמייכעלט: העבּרעאיש אין ארץ־ישראל איז... כ'ווייס ניט ווי — נאָר אַנדערש, אַנדערש ווי דאָ...

* * *

יענעם ווינטער האָב איך געוואוינט אין פֿאַלעניצע, אַ וואַלדיג אָרט נעבען וואַרשאָ. חנוכה־צייט איז עס אויסגעפֿאַלען. געווען אַ קינדער־יום־טוב אין דער פֿאַלעניצער שולע. אַ חברה גוטע פֿריינד פֿון וואַרשאָ זענען צו מיר אַראָבגעפֿאָהרען פֿערברענגען אַ חנוכה־אָווענד אויף אַ ווינטער־דאַטשע. צווישען זיי געגנער, אונפּאַרטייאישע — פֿערזענליכע פֿריינד. די שטילע פֿרייע ווינטער־נאַטור אַרום און דאָס האַרציגע יודישקייט פֿון קינדער־יום־טוב האָבען אונז אַלעמען גוט געשטימט.

מ'האָט דעם אָווענד פֿערבראַכט ביי מיר, מ'האָט זיך געפֿיהלט גוט און היימיש. אַ אויסערגעוועהנליכע לייכטקייט און אויפֿגעלעגטקייט. זעלטען טרעפֿט עס, אַז מענשען זאָלען ווערען גלאַט אַזוי אָהן אַ „פֿאַר וואָס“' אַזוי גוט, ליעב און ליכטיג...

יודישע פֿאָלקס־ליעדער זענען דאַן שטאַרק אין דער מאָדע געווען. האָבען מיר זיי געזונגען און איבערגעזונגען. אָבער מעהר פֿון אַלע האָט מען געהערט יאָסל'ען. זיין הילכיגע שטים, זיין ברייט, פֿרעהליך געלעכטער און חסיד'ישער ברען האָבען זיך איבערגעגעבען דעם עולם און ווי גערופֿען, געוואונקען פֿון ערגיץ־וואו... „דער ארץ־ישראל'דיגער פּויער“ האָבען איהם חברה אַ נאָמען געגעבען.

איין ליעדעל האָט יאָסעל געזונגען מיט אַ בעזונדערען אימפּעט און חשק. דאָס איז עפּיס אַ נאָכאַהמונג פֿון אַ געוויסען פֿאָלקס־ליעד:

מיינט ניט יודען, אַז ס'איז ליצנות<br>
אונזער אַרבּייט, אונזער מיה,

ארץ ישראל, בנאמנות,
וועט זיין אונזער'ס, שפעט צו פריה!

אהן א ריטם, אהן א מאס, ראך האט מען אין יאסלען, אין זיין התלהבות געפיהלט דעם ריטם, דעם אינערליכען שטומען וועה, וואס האט געפעהלט אין די ווערטער... אלע האבען עס נאכגעזונגען וואס א מאל בעגייסטערטער און בענקשאפטליכער: „מיינט ניט יודען, אז ס'איז ליצנות אונזער ארבייט, אונזער מיה..."

ס'איז געווארען אומעטיג און פערדראסיג: א הייליגע ארבייט, א גרויסע מיה און יודען... יודען טרייבען שפאס, מאכען ליצנות...

שפעט ביי דער נאכט האבען מיר מיט דעם ניגון בעגלייט דעם עולם צום לעצטען צוג קיין ווארשא. אויפגעוועקט יודען פון מיטען שלאף... פון אלע וואגאנען זענען זיי זיך צונויפגעלאפען צו זעהן דאס בייזע וואונדער: דרייסטע יודישע שטימען אין מיטען דער נאכט אויף א וויסטען, שטילען וואקזאל...

און מיינע פריינד האבען זיך געוויצעלט: „וואס זאגסטו? — יאסעל! ער האט אונז גאר קיין ארץ-ישראל פערשלעפט..."

* * *

יאסעל איז פערבליבען ביי מיר אויף דער דאטשע אויף א פאר טעג. א זוניגשיינענדער פריה-מארגען אין סאסנאווען וואלד. ארום א ווייסער, ווייסער, אונבעריהרטער שניי. שפאצירען מיר זאלבענאנד. פריש, העל און גוט ארום און ארום. געהען מיר און שווייגען.

— יאסעל, דאס איז ניטא אין פאלעסטינא?

— יא, דאס איז דארט ניטא.

— ווי, גאר קיין וואלד ניטא?

— יא, חדרה. נאר ס'איז ניט דאס...

אונהיימליך געווארען...

נאך א לאנגער פויזע רעדט איך איבער דאס שטילשווייגען:

— ווייסט, יאסעל, פרעמד, שרעקליך פרעמד פיהל איך מיך דא. אומעטום, וואו דו זאלסט זיך ניט א קעהר טהון, אין טראם, אין וואגאן, שטעכען דיך א דורך שארפע שפיזען, בליקען פול מיט האס און רשעות... איינמאל, אין א גרויען, פערוואלקעטען פארנאכט איז דאס געוועזען... כ'האב ארומגעבלאנקעט אין גאס... צוויי פוילישע ארבייטער זענען א היים געגאנגען פון זייער ארבייט און א יודישער ווילע. דערהערט א שטיקעל געשפרעך זייערען. — „זונטאג איז די פוילישע קראם אויף יענער זייט געווען פערמאכט און ביי א יוד — א כאראבע וועל איך ביי איהם קויפען"...

נו, און די יודעלעך מיט די שטעקעלעך און משוגה'דיג ווילדע העזות, וואס דרעהען זיך ארום אויפן וואקזאל א גאנצען טאג, שאכערען מיט ווילעס, וועלכע זיי האבען קיינמאל אין די אויגען ניט אנגעזעהן, ביטרעווען און בעשווינדלען איינער דעם צווייטען און לויפען צום „רבי". און זייערע טעכטער, וואס לאכען זיי אויס הינטער די פלייצעס און רעדען נאר פויליש... — ס'איז שלעכט, יאסעל...

ער האט א לענגערע ווייל געשוויגען, דערנאך האט ער געזאגט מיט א אומעטיגען גלאנץ אין די אויגען:

— הער, צבי, קום פאהר מיט מיר אהיים...

— וואס וועל איך דארט טהון, יאסעל?

— ארבײטען.

— און געזונד?

— הם... דאָס איז ניט גוט. נאָר װעסט דאָ אָבזיצען דעם װינטער, דערנאָך דער װאַרעמער קלימאַט אין א"י, ניש-קשה, דו װעסט געזונד װערען און קאָנען ארבײטען...

* * *

פֿאַר פּורים איז ער אװעקגעפֿאָהרען קײן קראַקױ מיטצונעמען זײן בעסטען און ליעבסטען פֿרײנד י. ט. „י. קאָן און דאַרף שױן פֿאָהרען קײן ארץ-ישראל. ער װעט דאָרט קאָנען בעפֿריעדיגען זײנע בעדערפֿעניסען" — האָט ער מיר געזאָגט פֿאַר'ן אָבפֿאָהרען. כ'האָב פֿון איהם בעקומען נאָך עטליכע בריעף פֿון קראַקױ. אין אײנעם פֿון די בריעף בעט ער מיך „מיטצונעמען װאָס מעהר חברים, מ'נױטיגט זיך דאָרט אין פֿרישע כחות".

נאָך פּסח זענען מיר בײדע אין אײן צײט בערך אנגעקומען קײן ארץ-ישראל. ער דורך טריעסט קײן חיפה, איך דורך אָדעס קײן יפֿו.

* * *

צװײ יאָהר צײט זענען מיר בײדע געװען אין ארץ-ישראל און קײן אײן מאָל זיך ניט געזעהען. איז עס א צופֿאַל? נײן. כ'װײס פֿאַר װאָס און כ'װעל עס ניט פֿערלײקענען.

באַלד װי איך בין געקומען אין די קאָלאָניעס פֿון יהודה, האָב איך זיך גלײך איבערגעצײגט, אז װערען א ערד-ארבײטער און װער רעדט א שומר איז ניט לױט מײנע כחות. נו, איז געװען קאַלאַמוטנע אױפֿן הארץ. ס'איז מיאוס פֿאַר זיך אלײן צו לעבען צװישען די ארבײטער װי א צושױער, װי א זײטיגער מענש. אין ארץ-ישראל איז א מין קריעגס-צושטאַנד, בײ נאַכט מיט דער ביקס, בײ טאָג מיט'ן אקער-אײזען. די „גאָלדענע פֿעדער" איז דאָרט א לוקסוס-זאַך און דער פּראָפֿעסיאָנעלער אינטעליגענט — כמעט װי א איבעריגער מענש.

דאָס איז נאָך פּײנליכער און שװערער פֿאַר אזעלכען, װאָס װײס און פֿיהלט, אז דער גאַנצער װערטה און זין פֿון ארץ ישראל ליגט נאָר אין דער יודישער ערד-ארבײט.

נו, װאָלט דאָס בעגעגעניש מיט יוסף זאַלצמאַן געװען פֿאַר מיר זעהר ניט אָנגענעהם, און איך האָב עס אױסגעמיטען...

פֿאַר דער גאַנצער צײט האָב איך פֿון איהם געהאַט א צװײ דרײ גרוסען. אײן גרוס געדענק איך נאָך.

צװישען די הױכע אָבגעשלאָסענע און פֿערלאָזענע בערג ארום ירושלים האָט זיך דאָן נאָך געגרינדעט א יודישע פֿאַרם — כפר-אוריה. דער אַלטער גאָרדאָן מיט זײנע חברים זענען געװען די ערשטע „קבוצה" פֿון יודישע ארבײטער, װאָס האָבען זיך דאָרט בעזעצט.

כפר-אוריה איז געװאָרען א שטיקעל שבת, די „נשמה יתרה" פֿון דער יודישער ארבײטערשאַפֿט אין ארץ-ישראל. מיט א בעזונדערען יראת-הכבוד און ליעבשאַפֿט האָט מען דעם נאָמען ארױסגערעדט. אין דער „קבוצה" איז אױך ארײן יוסף זאַלצמאַן.

מאַכט זיך אמאָל, אז דעם כמורנעם און ניכטערען ברענער קומט אױס איבערצונעכטיגען אין כפר-אוריה בײ זײן פֿרײנד גאָרדאָן.

קומט ער צוריק קײן ירושלים, פֿרעג איך איהם:

— נו וואָס איז עפּיס כפר־אוריה ?
— אָהאָ, כפר־אוריה !
— האָט איהר זיך דאָרט בעקענט מיט וועמען ?
— ניין. נאָר פון דערוויטענס געזעהען יוסף זאלצמאַנ'ען אויסשפּאַנענדיג די פערד פאַרנאַכט, ווען ער איז געקומען פון פעלד ; געזעהען ט., יאָ, פאַרהאַן נאָך ביי יודען עטליכע גוטע יונגע לייט... אה, כפר־אוריה...

* * *

מעהר האָב איך פון יאָסל'ען קיין גרוס ניט געהאַט. ביז דעם טאָג, ווען אין דער רעדאַקציע פון „האחדות" איז אָנגעקומען די ידיעה פון כנרת...

פאַר פּסח בין איך געפאָהרען קיין גליל. דער שטילער שפע פון עמק יזרעאל, די הויכע און בערוהיגענדע בערג, די היילינע טרייטאָפּט פון די ארבייטענדע ברי־דער און שוועסטער, די נייע זאנגען־פעלדער פון דגניה און די בלויע וואסער־לעגענדע כנרת האָבען מיך בערוישט. אין קאָפּ האָבען זיך געמישט פסוקים פון דער היסטאָריע — „דער גליל איז געווען בעדעקט מיט דערפער און האָט אויסגעזעהען ווי א שטאָדט", און די וויסטקייט פון די בערג און טהאַלען, די שטילע זוניגע דער־פער, די איינציגע פאַרמס, די שטיקלעך פערזייהטע ערד האָבען קינדיש העל און פרעהליך געשיינט דיר אנטקעגען... די צוואָרפענע שטראַהלען פון בויען און בעלע־בען האָבען געשמייכעלט, געמונטערט און צוגעזאָגט... דאָס הארץ איז איבערפולט געוואָרען און די ליפען האָבען שטיל געבענשט די איינזאַמע ברידער און שוועסטער פון גליל... ווי מאַנאַכען פערשפּאַרט צווישען די בערג מיט דער גרויסער ליעבשאַפט צום פאָלק און לאנד אין הארץ און מיט דער בעשיידענער מסירות־נפש'דיגער ארבייט.

איך בין ארומגעגאַנגען פון דאָרף צו דאָרף ביז כנרת. דאָ האָב איך זיך געזאָלט זעהן מיט יוסף זאלצמאַן צום ערשטען מאָל אין ארץ־ישראל...

* * *

אויפן וועג פון כנרת קיין בתניה, צווישען פערזייהטע פעלדער שטעהט א איינ־זאמער, ארומגעצוימטער קבר. אינוועניג וואקסען בוימעלעך, ארום שטיל און זוניג, רוהיג ווי דער טויט און אפשר ווי דאָס העכסטע גליק פון לעבען... יוסף זאלצמאַנ'ס קבר.

טאָג־טעגליך געהען פאַרביי דעם קבר זיינע חברים־ארבייטער, געהענדיג אין פעלד און פון פעלד... פאַלט דער בליק אויפן קבר, פערכמורעט זיך א ווייליע... ווער נאָך ווי די ארץ־ישראל'דיגע ארבייטער קאָנען טיעף בעגראָבען זייער וועהטאָג און שווייגען !

* * *

דאָרט האָב איך עטליכע שעה פערבראַכט. ווער קאָן דאָס ארויסזאָגען, וואָס יענע עטליכע שעה זענען פאַר מיר געווען...

ווען איך בין אוועק פון דאָרט האָב איך אָנגעטראָפען זיין בעסטען חבר ט., פאָהרענדיג אויף א פּולען וואָגען תבואה. אונזערע אויגען האָבען זיך בעגעגענט און ווי צום ערשטען מאָל איינע די אנדערע די טרויעריגע בשורה אָנגעזאָגט ... דער קבר איז צווישען אונז ביידע ארויפגעשוואומען...

---

# יעקב פעלדמאַן.

זונטאָג, ח' כסלו תרע"ד בײנאַכט, איז אויף זײַן פּאָסטען, בײַ דער פֿאַרם סעדזשערא, געפֿאַלען דער יונגער שומר יעקב פֿעלדמאַן.

יעקב פֿעלדמאַן האָט פֿריִהער געאַרבײַט אין מלחמיה. מיט א האַלב יאָהר פֿאַר זײַן טויט איז ער אַנגעקומען געוואָרען אַלס שומר אין יבנאל. ער איז געווען א אינ־טעליגענטער מענש און זעהר איבערגעגעבען דעם געדאַנק פֿון דער יודישער וואך. אַלס שומר אין בית־גן האָט ער זיך אויסגעצײכענט מיט זײַן דרײסטקײט און מוטי־גען גײַסט.

אין בית־גן האָבען איהם א מאָל אָבגעהיטען די גנבים און פּלוצלינג איהם בעפֿאַלען מיט'ן ציעל צוצונעמען בײַ איהם זײַן געוועהר. דער יונגער שומר האָט זיך אָבער העלדיש פֿערטײדיגט און ניט קוקענדיג אויף אַלע קלעפּ און וואונדען, וואָס ער האָט בעקומען פֿון זײנע אָנפֿאַלער, האָט ער זײַן געוועהר פֿון דער האַנד ניט ארויסגעלאָזען.

די לעצטע נאַכט פֿון זײַן וואך איז געווען שוואַרץ־פֿינסטער און רעגענדיג. ארומדרעהענדיג זיך ארום דער פֿאַרם האָט ער דערפֿיהלט גנבים, וועלכע האָבען זיך אונטערגעגראָבען אונטער דער וואַנד און ארײַן אין וו—נ'ס קרעמעל. פֿעלדמאַן איז צוגעגאַנגען נעהנטער כדי צו כאַפּען די גנבים בשעת'ן ארויסגעהן. אין דער פֿינסטערניש האָט ער אָבער ניט דערזעהען, אז דערבײַ שטעהען נאָך אײנער אָדער עטליכע רויבער, וועלכע בעוואַכען זײערע חברים, וואָס זענען ארײַן אינוועניג. ווי ער איז נאָר צוגעקומען האָבען זײ אויסגעשאָסען אויף איהם אין דער פֿינסטער. די קויל האָט איהם געטראָפֿען אין קאָפּ און ער איז געפֿאַלען א טויטער אויפֿן אָרט. די מערדער זענען אנטלאָפֿען.



# יצחק ראזלער.

האט פערבראכט עטליכע יאהר אין לאנד ביי דער ארבייט. האט זיך ענערגיש בעטייליגט ביים איינארדנען די תימנים אין חדרה און בכלל אין דער פערטיידיגונג פון די ארבייטער-אינטערעסען ביי פערשידענע געלעגענהייטען. די לעצטע צייט איז ער געווען א מיטגליעד פון דער ארבייטער-קבוצה אין גן-שמואל ביי חדרה. י׳ כסלו תרע״ד איז ער שטארק פערוואונדעט געווארען בעת א אנפאל פון אראבער, און כ׳ אדר תרע״ד איז ער געשטארבען אין שפיטאל אין חדרה.





יעקב אשכנזי.

# מנחם בערלינער.

## (זכרונות.)

נאך זענענדיג נאר יונג האט מנחם ארויסגעוויזען א שטארקע נייגונג צו געזעלשאפטליכער ארבייט. אין זיין שטעדטעל זגערזש זענען לויט זיין איניציאטיווע און אונטער זיין מיטווירקונג געגרינדעט געווארען פערשיעדענע יוגענד-געזעלשאפטען, א ביבליאטעק, העברעאישע אווענד-קורסען און א טורן-פעראיין. ער האט אויך געפיהרט א ברייטע אגיטאציע אין זיין שטעדטעל און אויך אין די ארומיגע שטעדט פאר'ן ציוניסטישען געדאנק. דערביי איז ער געווען זעהר ענערגיש און אונערמידליך אין אלע זיינע אונטערנעהמונגען. ער האט פיינד געהאט צו רעדען דעמאלס, ווען ס'איז נויטיג געווען צו טהון. ער האט קיינמאל ניט געטראכט וועגען די מיטלען און וועגען דער מעגליכקייט און יעדען געדאנק און יעדען פראיעקט האט ער באלד געמוזט פערווירקליכען אין לעבען.

לאנג האט איהם אבער די דאזיגע טעטיגקייט ניט געקאנט בעפריעדיגען און ער האט בעשלאסען צו פאהרען קיין ארץ-ישראל צו בעארבייטען איהר ערד. און ווי שטענדיג האט ער אויך דעם דאזיגען בעשלוס באלד געוואלט פערווירקליכען אין לעבען. יעדען טאג וואס ער איז נאך געבליבען אין גלות האט ער גערעכענט פאר

א גרויסען חטא געגען דעם יודישען פֿאָלק און לאַנד. כאַראַקטעריסטיש פֿאַר זיין דעמאָלסדיגער שטימונג איז פֿאָלגענדער פֿאַקט: אז מ'האָט איהם געפֿרעגט אין טאָג פֿון זיין ברודער'ס חתונה, פֿאַרוואָס ער געהט ניט צו דער חתונה, האָט ער געענטפֿערט: „מיין הארץ טרויערט און בענקט נאָך ציון — ווי אַזוי קאָן איך פֿרעהליך זיין?“—זיינע קרובים האָבען איהם געבעטען ער זאָל זיך ווי געהעריג צוגרייטען צו דער נסיעה, אָבער ס'האָט ניט געהאָלפֿען: ז' תשרי תרע"ב איז ער אַוועקגעפֿאָהרען פֿון דערהיים, ניט געזעגענענדיג זיך מיט קיינעם און אָהן די נויטיגע מיטלען.

באַלד נאָך זיין אָנקומען קיין ארץ־ישראל איז ער געוואָרען אַ ארבייטער אין פתח־תקוה. זיין גליק איז דעמאָלס געווען אָהן אַ שיעור גרויס. אין איינעם פֿון זיינע בריעף פֿון יענער צייט שרייבט ער, אַז יעדען אינ־דער־פֿריה, ווען ער געהט ארויס צו דער ארבייט, דאַכט זיך איהם, אַז ער איז ערשט היינט אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל. וואָס מעהר ער האָט געאַרבייט, אַלס גליקליכער האָט ער זיך געפֿיהלט. אין דעם יודישען ארבייטער אין ארץ־ישראל האָט ער געזעהען דעם עלעמענט, וועלכער האָט צו ערפֿילען די גרעסטע און די הייליגסטע אויפֿגאַבע פֿאַר דער אויפֿלעבונג פֿון יודישען פֿאָלק און פֿון יודישען לאַנד, און דערפֿאַר דאַרף דער יודישער ארבייטער שטענדיג גרייט זיין אויף די גרעסטע קרבנות. בעקומענדיג איין מאָל אַ געלד־אונטערשטיצונג פֿון זיין ברודער, האָט ער געשריבען, אַז פֿאַר אַ יודישען ארבייטער פּאַסט ניט צו נעמען אונטערשטיצונגען אפילו פֿון אַ ברודער. און ווען זיינע פֿערדיענסטען קלעקען איהם ניט אויף צו לעבען, דאַרף ער זיך אפילו צוגעוועהנען צו הונגערען.

אָבאַרבייטענדיג אַ געוויסע צייט אין פתח־תקוה, איז מנחם אריבער קיין רחובות און האָט געאַרבייט ביים „באַכאַר“. און ווידער האָט זיך פֿאַר איהם געעפֿענט אַ קוואַל פֿון גליק: ס'איז דאָך ניט קיין קלייניגקייט צו עראָבערען די ערד פֿון אונזער פֿאָטערלאַנד מיט'ן „פּיאַש“! ער האָט דאָרט געאַרבייט מיט עפּיס אַ הייליגער בעגייסטערונג. איך געדענק נאָך, מיט וואָס פֿאַר אַ נאַאיווער פֿרייד ער האָט מיר דערצעהלט, ווי אַזוי ער מיט נאָך אַ פּאָר חברים ארבייטער האָבען בעוויזען צו פֿערפֿלאַנצען אַ בוים אין אַ רעגען־טאָג, שטעהענדיג ביז איבער די קניה אין וואַסער.

נאָכדעם ווי ער האָט אַ האַלב יאָהר געאַרבייט אַלס ארבייטער איז ער געוואָרען אַ שומר אין רחובות. אין יענער צייט האָט איהם געטראָפֿען אַ אומגליק: אַ משוגע'נער פֿוקס האָט איהם אַ ביס געטהון. דער פֿוקס איז אמת בעת דעם קאַמפּף, וואָס מנחם האָט מיט איהם געפֿיהרט, דער'הרג'עט געוואָרען, אָבער מנחם האָט געמוזט פֿאָהרען קיין קאַאירא זיך היילען. צוריקקומענדיג קיין רחובות האָט ער ווידער געאַרבייט אַלס שומר.

אויך אין ארץ־ישראל האָט מנחם ענערגיש געאַרבייט אין די אָרגאַניזאַציעס פֿון די ארבייטער און פֿון די שומרים. ער איז געוועהלט געוואָרען אַלס דעלעגאַט פֿון רחובות צו דער קאָנפֿערענץ פֿון דער ארבייטער־אָרגאַניזאַציע אין יהודה, ער איז אויך געווען אַ מיטגליעד אין ארבייטער־קאָמיטעט אין רחובות. מנחם האָט זיך אויך אויסגעצייכענט מיט זיין גוטהאַרציגקייט און פֿרייגעביגקייט אין דער בעציהונג צו זיינע חברים. ער האָט אַנדערע אַוועקגעגעבען ממש זיין לעצטען גראָשען און זיין לעצטען בגד. בעזונדערס האָט ער געשטיצט די נייע ארבייטער, וואָס זענען אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל. ער פֿלעגט אָפֿט בעצאָהלען פֿאַר זיינע חברים זייערע חובות אין קראָם און פֿלעגט זיי אָבגעבען זיין וואָהנונג, לאָזענדיג זיך אַליין אָהן

וואהנונג. אלע האט ער געדענקט און וועגען אלע האט ער געזארגט.

אויף די ביטע פון זיינע עלטערן און ברידער איז ער געפאהרען אהיים קיין זגערזש, וואו ער האט פערבראכט א האלב יאהר. די דאזיגע צייט האט ער אויסגענוצט צו ארבייטען פאר'ן יודישען אויפלעבונגס=געדאנק און בעזונדערס — צו אגיטירען פאר די עמיגראציע קיין ארץ=ישראל נית נאר אין זיין שטאדט נאר אומעטום, וואו ער איז געקומען. פערברענגענדיג אמאל צוזאמען מיט איהם, האט ער מיט בעגייסטערונג און מיט ליעבע גערעדט וועגען ארץ=ישראל און וועגען דעם נייעם לעבען, וואס שאפט זיך דארט. זיינע שילדערונגען זענען געוועזען דורכגעדרונגען מיט האפנונג און בטחון אין דער צוקונפט און אין נצחון פון דער יודישער ארבייט אין ארץ=ישראל. מיר האבען אויסגעדריקט אונזער פערוואונדערונג, פאר וואס ער האט נאך נית געהאט בעזוכט ירושלים. „אויב מ'וועט מיר זאגען, האט ער געענטפערט, אז ערגיץ=וואו ווערט געבויט א נייע יודישע שטאדט, א נייע יודיש דארף, א נייער יודישער קווארטאל אדער אפילו נאר א נייע יודיש הויז, וועל איך געהן זעהן און זיך פרעהען, אבער אויף אלטע קברים... ניין, אויף אלטע קברים וועל איך נאר געהן, כדי צו שאפען א נייע לעבען. נאר די, וואס קומען אין לאנד מיט דער דעה עס באלד צו פערלאזען, לויפען אויף קבר=אבות...“

צוריקקומענדיג קיין ארץ=ישראל (אין חשון תרע"ד), איז ער פערפאהרען קיין רחובות, אבער לויט דער אנווייזונג פון קאמיטעט פון דער ארבייטער=ארגאניזאציע אין יהודה, האט ער פערלאזען רחובות און איז געפאהרען קיין חדרה און האט דארט געארבייט אין א ארבייטער=גרופע אין גן=שמואל. מ'האט איהם פארגעלעגט א לייכטערען פאסטען, ביי וועלכען ער וואלט געקאנט מעהר פערדינען. אבער ער האט בעסער געוואלט ווייטער ארבייטען אלס ארבייטער, און דוקא אין חדרה, וואו די סכנה איז גרעסער. אין זיינע בריעף פון זיין ארבייטס=צייט אין חדרה דריקט ער אויס זיין גרויסע שמחה און צופרידענהייט מיט זיין ארבייט און מיט דער מעגליכקייט צו לעבען א רוהיג נאטור=לעבען. ער קען דארט, שרייבט ער, יעדען בוים, יעדעס גרעזעל, יעדעס בלומעל, וועלכע זענען איהם אזוי ליעב און אזוי נאהענט. און האט זיך איינגעגעבען ווען עס איז זיין גרופע צו בערייכערען איהר ווירטשאפט מיט עפיס א בהמה אדער עוף, פלעגט ער מיר יעדעס מאל מודיע זיין וועגען דעם מיט א בעזונדערער שמחה. די בהמות און די עופות פלעגען זיי אנרופען מיט יודישע נעמען און דורכדעם זענען זיי אריינגעטרעטען אין די גרופע און געווארען איהרע מיטגליעדער. און אין זיינע בריעף פלעגט מנחם שטענדיג ליעב האבען צו דערצעהלען וועגען לעבען פון די דאזיגע נייע „חברים“.

נית קוקענדיג דערויף, וואס ער איז געוועזען אזוי גליקליך מיט זיין ארבייט ביי דער ערד, האט זי איהם דאך נית בעפרידיגט און ער האט געחלומ'ט וועגען געהן קיין גליל אדער אויף יענע זייט ירדן צוליעב דעם צוועק פון כבוש=הארץ. און האט עמיצער געפרובט איהם אברעדען דערפון און איהם אויפמערקזאם מאכען אויף די סכנה, פלעגט ער ענטפערן: איז דען מעגליך נית צו געהן, איז דען מעגליך, אז איך זאל דאס נית טהון, ווען עס איז אזוי אונבעדינגט נויטיג! הגם מנחם איז אין זיין פריוואטען לעבען געוועזען א ענו, אין זיין ארבייט אבער פאר'ן פאלק פלעגט ער ארויסווייזען א עקשנות'דיגע גאוה, וועלכע האט איהם ביי יעדען געדאנק און אונטערנעהמונג אונטערגעזאגט: פערלאז דיך נית אויף אנדערע, ווייל אויב דו וועסט דאס נית טהון, ווער דען וועט דאס טהון?

עס איז איהם אָבער ניט בעשעהרט געווען אויסצופיהרען זיין לעצטען פּלאַן. ארבייטענדיג אין גן-שמואל איז ער קראנק געוואָרען אויף פיעבער. מ'האָט איהם געבראַכט אין שפּיטאַל קיין זכרון-יעקב, וואו ער איז אין י"ט אדר תרע"ה גע-שטאָרבען אין בליהענדען עלטער פון 23 יאָהר.

קאָנסטאַנטין, סיון ה'תרע"ח.

---

# פון מ. בערלינער'ס אַ בריעף.

(צוזיינעם אַ ברודער).

...אין דיין בריעף רופסט דו אָן די שומרים מיט שענדליכע נעמען, ווי: „בעוואָפענטע גזלנים", „הפקר-יונגגען", „רוצחים"... ניט מיך בעלייריגסט דו מיט די דאָזיגע ווערטער, נאָר די יודישע אויפלעבונג. בעדעקט מיט שווייס לויפט דער יונגער ציוניסט אין גלות פון הויז צו הויז און קלויבט צונויף די גראָשענס פאַר'ן נאַציאָנאַל-פאָנד. דער נאַציאָנאַל-פאָנד קויפט פאַר דעם דאָזיגען געלד ערד; יודי-שע ארבייטער-פיאָנערען בעארבייטען די דאָזיגע ערד מיט'ן שווייס פון זייער פנים און מיט'ן בלוט פון זייער הארץ, און נאָך פינף-זעקס יאָהר, ווען זיי זענען שוין זוכה צו זעהן די פרוכט פון זייער ארבייט, קומען די אראַבער, רויבען אלץ אַוועק און פערניכטען די מסירות-נפש'דיגע מיה פון הונדערטער מענשען. און די דאָזיגע שומרים, וועלכע שטעהען אויף דער וואך פון דעם דאָזיגען טייערען, מיט בלוט און שווייס בענעצטען פערמעגענס, רופסט דו אָן „בעוואָפענטע גזלנים", „הפקר-יונגגען", „רוצחים"!

...מיר, שומרים, היטען נאָר אין אזעלכע קאָלאָניעס, וועלכע בעשעפטיגען יודישע ארבייטער. מיט דעם אינהאַבער פון כרם האָבען מיר קיין שום מגע ומשא ניט. אונזער לוין בעקומען מיר פון דעם פאָרשטעהער פון „השומר". מיר האָבען ניט קיין בעלי-הבתים איבער זיך. ווען דער אינהאַבער פון כרם וויל אדורכגעהן זיין כרם מיט זיין בעקאַנטען אראַבער, וועלען מיר דעם אראַבער ניט ערלויבען מיטצוגעהן מיט איהם, ווען אפילו דער אינהאַבער אליין זאָל פאַר איהם בעטען. ווייל ניט זיין כרם שיצען מיר, נאָר דעם כבוד פון יודישען פאָלק.

אויב אין גלות זענען מיר קנעכט, לאָמיר לכל הפחות דאָ, אין דעם לאַנד פון אונזער צוקונפט, זיין מענשען. די אראַבער האָבען מורא פאַר העלדען און זיי האָבען פיינד קנעכט. ניט קיין שונא בין איך די אראַבער — אדרבא, מיינע בעס-טע פריינד צווישען די אראַבער זענען די, וועלכע האָבען בעקומען פון מיר קלעפּ...

... מיין ניט, אז די אָרגאַניזאַציע „השומר" בעשטעהט פון לייכטזיניגע בחורים. די בעסטע אידעאַליסטישע קרעפטען בעטייליגען זיך אין „השומר". דער צוועק פון „השומר" איז ניט נאָר די שמירה, נאָר אויך אלץ, וואָס דער ארבייטער-פיאָנער איז ניט בכח צו ערפילען. מיר, שומרים, טהוען ניט קיין שום זאַך אָהן דעם בעפעהל פון דעם ראש פון די שומרים. און דעם אראַבער איז פערוועהרט דורכצוגעהן דעם כרם, ווייל זיי זענען בעקאַנט אלס גנבים, און דאָס איז ניט קיין געוואַלד-טהאַט. האָסט שוין פערגעסען די אָנפאַלען פון די אראַבער אויף יודישע קאָלאָניעס מיט יאָהרען צוריק? וועלען זיי היינט אויך וואַגען דאָס צו טהון? ווער וועט מציל זיין דעם יודישען ישוב אין ארץ-ישראל, דעם כבוד פון יודישען פאָלק, אויב ניט מיר? איך בין גליקליך, וואָס איך געפין זיך צווישען די דאָזיגע „בעוואָפענטע גזלנים"...

רחובות, תרע"ג.



**בערעל קליי.**

איז געקומען פון אמעריקא און געווען א ערד-ארבייטער אין גליל. כ"ו אדר ה'תרע"ה איז ער געפאלען פון א מערדערישער קויל בעת דעם אנפאל אויף מלחמיה.

מ. בירשטיין.

# זכרונות.

ס'האט זיך בשום אופן ניט געלעגט אויפ'ן שכל די גאנצע צייט, זייט ס'איז אנגעקומען די ידיעה פון ארץ ישראל, אז דער חבר ב. קליי לעבט שוין מעהר ניט. חער גרויסער, שטארקער, געזונדער קליי, מיט די ברייטע פלייצעס, מיט דער געזונדער ברוסט, מיט די שטארקע הענד — דער אונדערשראקענער קליי מיט'ן פעסטען כאראקטער און ווארעמען הארץ זאל אזוי גיך האבען געפאלען אלס קרבן פון א מערדערישער האנד? ער האט דאך אזוי געשטרעבט און געקעמפפט, כדי צו קאנען לעבען אין ארץ ישראל, לסוף איז ער גאר פריהצייטיג געשטארבען אין ארץ־ישראל!

אט שטעהט ער פאר מיר א לעבעדיגער מיט'ן שווארצען קאפ, מיט די קלוגע ברוינע אויגען און אויסדרוק־פולען מויל, מיט דער רוהיגער זיכערער בענעהמונג און רעדט צו מיר מיט דער ערנסטער באסאווער שטים וועגען זיין אידעאל, וועלכער בעלייכט זיין וועג...

„איך האב נאר איין ציעל אין לעבען", — שרייבט ער מיר פון דער פארם אין איליגאיז, וואוהין ער איז אנגעקומען נאכדעם ווי ער האט פערלאזען די אגרי־קולטור־שול אין וואודביין — „וועלכען איך וויל און וועל פערווירקליכען, און דאס איז: בעזעצען זיך אלס ערד־ארבייטער אין ארץ־ישראל". א זעהר בעשייד־דענער ציעל, אבער א שעהנער און ערהאבענער!

און ער האט איהם פערווירקליכט, ליידער אויף א קורצע צייט...

ס'איז מיר ביז איצט ניט געלונגען צונויפצוזאמלען אלע פאקטען און פרטים וועגען זיין עטוואס געהיימניס־פולען לעבען, כדי צו קאנען געבען א פאלשטענדיג בילד פון דער אינטערעסאנטער פערזענליכקייט פון חבר קליי. אויף וויפיעל אונז איז בעקאנט, איז חבר בערעל קליי (קולטשינסקי) געבוירען געווארען מיט אנ'ערך פון 30 יאהר צוריק אין א קאלאניע ארום מעליטאפאל און דארט בעקומען א ניט שלעכטע ערציהונג. ער איז געווען גוט בעהאווענט אין יודיש, העברעאיש, רוסיש, דייטש און ווי א עכט נאטור־קינד האט ער ליעב געהאט פעלד און וואלד. אין זיין פריהער יוגענד, זענענדיג אין יעקאטערינאסלאוו, בעקענט ער זיך מיט'ן פועלי־ציוניזם, און די פערווירקליכונג פון דעם דאזיגען אידעאל ווערט זיין הויפט־ציעל אין לעבען. אין א צייט ארום פאהרט ער אוועק קיין פאריז, וואו ער פערברענגט א פאר יאהר, לערנט זיך אויס די פראנצויזישע שפראך און וואנדערט אויס אלס ארבייטער אויף א פראכט־שיף קיין קאנאדא. אין קאנאדא ארבייט ער א קורצע צייט מיט דער האק אין א וואלד, פון וואנען ער לאזט זיך, האלב צו־פוס, האלב מיט דער באהן, אין די פעראייניגטע שטאטען.

אין 1906 קומט ער אן קיין באסטאן און טרעט אריין אין פועלי־ציוניסטישען פעראיין. ער שטעלט זיך ארבייטען אין א פיאנא־פאבריק אין קעמברידזש און ווערט אויך טעטיג אין קעמברידזשער פעראיין; ער ווערט געוועהלט אלס דעלע־גאט פון קעמברידזש צו דער פילאדעלפיער קאנפערענץ און שפעטער אויך צו אלע ראיאן־ און שטאט־קאנפערענצען. ווען דער „אונאבהענגיגער ארבייטער־רינג" ווערט ארגאניזירט אין מאסאטשוזעטס, טרעט ער אריין אלס מיטגליעד און פיהרט אן א שטענדיגען קאמפף פאר די יודיש־נאציאנאלע אידעען, מיט וועלכע דער „אונאב־

העננינגער" צײכֿענט זיך אויס עד היום איבער דעם ניו־יאָרקער אַרבײטער־רינג.

אין יאָהר 1908 קומט ער אָן אין די וואודבײנער אגרי־קולטור־שולע, וואו ער פֿיהלט זיך ווי אַ פֿיש אין וואסער. זײנע בריעף פֿון וואודבײן זענען פֿול מיט בעגײסטערונג פֿון דעם גרינעם פֿעלד, פֿון דער בליהענדער בלום און פֿון זינגענדיגען פֿויגעל. נאָך זענענדיג אין באָסטאָן האָט ער יעדע פֿרײע שעה, וואָס ער האָט נאָר געקאָנט אָבשפּאָרען, פֿערבראַכֿט אין דער ביבליאָטעק איבער זשורנאלען פֿון אגרי־קולטור און באָטאַניק. ער איז אָבער געווען מעהר פּראַקטישער אידעאַליסט, דערפֿאַר האָט איהם די פּראַקטישע פֿאַרם־אַרבײט אַזוי אויפֿגעמונטערט.

אין 1912 שרײבט ער מיר פֿון אַ פֿאַרם אין קאַליפֿאָרניע: „איך האָב זיך מתקנא געווען אין דעם מענשעלע מיט דער קאסע, וואָס איז אויסגעמאָהלט אויף די פּועלי־ציוניסטישע מאַרקען — און ניט איך אַליין, נאָר טאַקע נאָך אַ 15 יונגע לײט. נו, פֿאָהרען מיר. מיר האָבען ניט קײן שלעכֿטע אויסזיכֿטען זיך זעלבסטשטענדיג אײנצואָרדנען; און וואָס דאַרף אַ קבצן? לאַנד האָבען מיר, געזונד אויך, און אַ הײזעלע מיט אַ פּלונית'טע וועט גאָט מסתמא צו שיקען, און דאָס אַלץ בארץ אבותי! וואָס ווילסטו נאָך?"

און אין אַ צווײטען בריעף שרײבט ער מיר: „דו זאָגסט, אַז איך בין ניט גערעכֿט מיט מײן פֿאָרוואורף געגען די חברים, אַז זײ זענען גלײכֿגילטיג צו אַלעם; וואָלט נאָר געווען אַ געוויסע קאָנקרעטע פּאַלעסטינא־אַרבײט, זענען זײ אַלע מיט לײב און לעבען פֿאַר פּראַקטישער אַרבײט.

„איך וואָלט זעהר וועלען וויסען, וואָס הײסט בײ דיר קאָנקרעטע אַרבײט? מײנסטו דערמיט דעם נאַציאָנאַל־פֿאָנד, דעם פּאַלעסטינא־אַרבײטער־פֿאָנד, די לאַנד דעוועלאָפּמענט־קאָמפּ., די קאָלאָניאַל־באַנק א. א. וו.? וואָס פֿאַר אַ קאָנקרעטע אַרבײט ווילט איהר, גלות־ציוניסטען אָדער פּועלי־ציון? (די סאָציאַל־עקאָנאָמישע אַנשויאונגען שפּיעלען אין דעם פֿאַל קײן ראָלע ניט) בעטראַכֿט נאָר גוט די זאַך און קוק זיך אַרום, אפשר איז אין דעם ניט שולדיג דאָס פֿעהלען פֿון קאָנקרעטער אַרבײט, נאָר די פֿוילקײט און די האַלב־הערציגע בעציהונג פֿון די טרעגער פֿון די ציוניסטישע אידעען? און אַנדערש קאָן עס אויך ניט זײן, וואָרום קוים דאַרף מען שוין טהון פֿאַר עפּיס אָדער עמיצען, איז דאָך דאָס שוין אַ אינדירעקטע בעציהונג, אָדער בעסער געזאָגט — אַ ברירה: וויל איך טהו איך, וויל איך ניט, קאָן מיר אויך קײנער גאָר ניט טהון. נײן, חבר בירשטײן! ערלויב מיר דיר צו זאָגען עטליכֿע ווערטער, זאָלסט אָבער ניט ברוגז זײן. אויב איהר מײנט ערנסט מיט אײער ציוניזם, דאַן מוזט איהר אָנהויבען די פֿערווירקליכֿונג פֿון ציוניזם פֿון זיך אַלײן, דורך זיך און פֿאַר זיך. און אויב די, וואָס פּרעטענדירען צו זײן די אײפֿריגסטע אָנהענגער פֿון ציוניזם, די ציוניסטען, וועלען דאָס ניט טהון, וועט דער ציוניזם בשום אופֿן ניט פֿערווירקליכֿט ווערען. איך וואָלט געקאָנט אָנוואַרפֿען אַ גאַנצע קופּע מיט שטאַרקע ווערטער, נאָר וואָס איז די פּעולה? צווישען זיך גערעדט, מוזען מיר מודה זײן, אַז די ציוניסטען מכל המינים זענען נעבעך זעהר ניט קאָנסעקווענט אין זײערע טעאָרעטישע אַנשויאונגען, ווער שמועסט שוין אין בעציהונג צו פּראַקטישער אַרבײט. די אַסימילאַטאָרען זענען קאָנסעקווענט. דער ציוניסט, למשל, זאָגט, אַז דעם יוד לעבט זיך שלעכֿט אין אַלע הינזיכֿטען. דערפֿון איז געדרונגען, אַז מ'דאַרף אויסוואַנדערן קײן ארץ ישראל. טהוט ער דאָס? אַ נעכֿטיגער

טאָג! דער אַסימילאַטאָר זאָגט, אַז דעם ייד לעבט זיך גוט וואו ער איז, דאַרף מען אַלזאָ ניט עמיגרירען, און ער בלייבט אויפֿן אָרט, וואו ער איז. ער רעדט די שפּראַך פֿון לאַנד, שמד'ט אָב זיך און זיינע קינדער און בעמיהט זיך מיט אַלע מעגליכֿקייטען זיך צו אַסימילירען. ער איז קאָנסעקווענט.

„אָבער דער ציוניסט איז ניט אַזאַ פּשוט'ער חברה־מאַן. ער געפֿינט שוין אַ תּירוץ. אין רוסלאַנד, למשל, זאָגט ער, — די רעפּרעסיעס זענען אַזוי שטאַרק, אַז מ'קאָן גאָר ניט טהון (אַ אומשטאַנד, וועלכֿער האָט געשאַפֿען וואונדער אין פֿערלויף פֿון דער גאַנצער געשיכֿטע). פֿון אונטערדריקונג שטרעבט מען זיך צו בעפֿרייען און ביי די ציוניסטען האָט עס פּונקט אַ פֿערקעהרטע ווירקונג. אין אַמעריקאַ איז צו גוט, איז דאָך שוין אָבגערעדט. וואו זענען די פֿאַקטאָרען, וועלכֿע טרייבען יודען צום ציוניזם? מיינט איהר באמת, אַז די פּאָר מיליאָנען דאָלאַר וואָס מיר האָבען זענען אומשטאַנד עפּיס צו טהון? און ווען אפילו הונדערטער מיליאָנען? אָ, ניין! דער מענש, און נאָר ער אַליין שאַפֿט די מיליאָנען, און אויב ער איז ניטאָ, ליגען זיי ווי אַ טויטער קאַפּיטאַל. מיינע חברים פֿון ארץ ישראל שרייבען מיר, אַז דער נ. פּ. האָט אַ סך לאַנד, נאָר ער מוז עס צוריק פֿערקויפֿען צו פֿרעמדע — עס איז ניטאָ ווער עס זאָל עס בעאַרבייטען. און דאָ זיצט אַ מחנה פֿון אַ טויזענד מאַן און מ'רעדט וועגען קאָנקרעטער אַרבייט. אוי, קאָנט איהר רעדען! יעדעס מאָל, ווען איך הויב אָן צו רעדען צו די גלות־חברים וועגען בעזעצען זיך אין ארץ־ישראל, בעקום איך ניט מעהר קיין ענטפֿער פֿון זיי... דאָס רעדט פֿאַר זיך אַליין! אַנדערע פֿערקלאַפּען דעם קאָפּ מיט רענעסאַנס! וואָס איז? ביאַליק שרייבט שעהנע העברעאישע שירים. יאָ, דאָס איז זעהר אָנגענעהם! אָבער דאָס פֿערווירקליכֿט נאָך אַלץ ניט דעם ציוניזם. מילטאָן, דער פּוריטאַנישער דיכֿטער, האָט אָנגעשריבען די פּאָעמאַ וועגען „פֿערלאָרענעם גן־עדן“ און איז אַליין געבליבען אין ענגלאַנד, און די פּוריטאַנער פּויערען זענען אַוועק קיין אַמעריקאַ און האָבען געשאַפֿען אַ גן־עדן, וועלכֿער איז פֿון גרויסען ווערטה! און ר' ישראל איז געקומען אַהער און וואַרפֿט זיך אַרום אין נאַציאָנאַלען מאָגען פֿון אָנקעל סעם ווי אַ אונפֿערדייליכֿער ביסען, ביז... ביז ער וועט מוזען נעמען אַ אָבפֿיהר־מיטעל. נו, נו — וואָס ווייסטו ניט, וואָס עס וועט זיין?

„ניין, חבר, די קאָנקרעטע אַרבייט דאַרף מען ניט זוכֿען. איך און מיינע חברים האָבען זי געפֿונען. דערפֿאַר בעציהען מיר זיך אַזוי סאַרקאַסטיש צו אייער קאָנקרעטער אַרבייט...“

און אין אַ אַנדערען בריעף, שרייבענדיג וועגען דער לאַגע פֿון די יודישע אַרבייטער אין ארץ ישראל, זאָגט ער: „דאָס לעבען פֿון די אַרבייטער אין ארץ ישראל איז מיר גאָר ניט פֿרעמד דאָ אויפֿן פּלאַץ. איך האָב דאָ פֿאַר אַ יאָהרען זומער געפֿיעבערט אויף וואָס די וועלט שטעהט, און די הייזער דאָ ווייס איך ניט צי זיי זענען בעסער ווי די פּאַלעסטינער, דאָך מאַך איך ניט קיין רעש. ס'קאָן זיין, אַז אויב איך וואָלט געווען אין פּאַלעסטינאַ וואָלט שוין אין אַ ציוניסטישער צייטונג געווען אַ אַרטיקעל וועגען מיר...“

אין 1913 קומט ער קיין ארץ ישראל און צוזאַמען מיט אַ גרופּע אַרבייט ער אין דער קאָלאָניע כּנרת. אין אַ צייט אַרום בעשליעסט ער צו ווערען אַ זעלבסטשטענדיגער קאָלאָניסט. ס'ווערט איהם אָנגעבאָטען לאַנד אין דער קאָלאָניע מטולה,

אָבער ער בּאַזעצט זיך בּעסער אין מלחמיה, אין גליל התחתון, ניט קוקענדיג דערויף, וואס מ'האָט איהם געוואָרענט, אז מלחמיה איז ניט קיין רוהיגער פּלאַץ...

כ"ו אדר תרע"ה, בּעת דעם אָנפּאַל אויף מלחמיה איז ב. קליי געפּאַלען טויט פון א מערדערישער קויל. ס'איז געפאלען א חבר, וועלכער איז געווען די פערקער־פּערונג פון אונזער אידעאַל. מיט זיין בּלוט בּעשפּריצט און מיט זיין קערפּער פעט געמאַכט די היילינגע ערד.

---

זרבבל.

# דער „אַמעריקאַנער".

איך האָב געוואוסט, אז ער דארף די טעג זיין אין ירושלים און האָב געוואַרט אויף איהם מיט אונגעדולד. דער ערשטער „אונזעריגער" פון אמעריקא. מ'האָט מיר דאָרט אזוי פּיעל וועגען איהם זיך אָנדערצעהלט און כ'האָב געוואָלט איהם זעהן, וויסען, ווי פּיהלט ער זיך נאָך דעם, ווי ער האָט פערבראַכט א פּאָר חדשים אין לאַנד. ווען ער איז אריינגעקומען אין אונזער פּארטיי־רעדאקציע „האחדות" האָב איך איהם אויף דער שוועל דערקענט לויט'ן פעסטען קערפּער־בּוי, לויט דער ענטשלאָסענקייט און ווייכקייט פון זיין בּליק. ער איז געווען איינגעהאלטען אינ'ם שמועס: וועגען דעם לאַנד האָט ער בּכלל ניט גערעדט, פון קיין שום זאַך ניט נתפּעל געוואָרען און אויבּערפלעכליך געמאַכט דעם איינדרוק פון איינעם, וואָס האָט זיך אָבּגעגאַרט אין זיינע פאַנטאַסטישע פאָרשטעלונגען. אויבּערפלעכליך. ער האָט זיך צו אלעם צוגעקוקט מיט'ן ערנסט פון היימישען מענש, וועמען עס איז אלץ נוגע אין לעבּען. פון צופעליגע בּעמערקונגען האָט זיך ארויסגעפּיהלט, אז קליי איז שוין געפאַנגען און בּעהערשט פון דער בּאַזונדערער ארץ־ישראל'דיגער שטימונג, וועלכע שטראַהלט ארויס פון זיין שמייכעל, פון זיין בּענעהמונג צו די ירושלים'ער יודען, צו די קונדער, צו די הימלען, בּערג...

און כ'האָב מיר געטראַכט: אָט איז צוגעקומען נאָך א למד וואָוו'ניק. פּאַרהאַן בּיי אונז אין ארץ־ישראל א גאַנצע קאטעגאָריע „נסתרים" פון אזעלכע. יאָהרען־לאַנג דרעהען זיי זיך ארום צווישען אונז, קיינער בּעמערקט זיי ניט, אין קיין שום זאַך מישען זיי זיך ניט. זיי קוקען זיך צו בּלויז כלומר'שט פון דער זייט און זענען פערטיעפט אין זייער ארבּייט. פּלוצלינג ווערען זיי „נתגלה" און עס ווערט ליכטי־גער אין קאָפּ און אין האַרץ. אלע ציהען זיך צו זייער ליכט, און זיי בּעלייכטען אונזער לעבּען... ווער דורך וואָרט, ווער דורך מעשים.

קליי וועט זיך נאָך בּעווייזען....

ס'זענען אדורך א פּאָר חדשים. איך בּין אין כנרת. ס'איז דער הערצל־טאָג, זיין יאָהר־צייט. אומעטום וועט מען פאָר זיין נשמה ליכט אָנצינדען, הזכרות מאַ־כען און ווי אבלים טרויערן. דאָ אין גליל ווילט זיך ניט וויינען, נאָר שהרען דאָס אָנדענקען פון דעם פאָלקס־העלד. זאָל היינט זיין א פייער־טאָג פון דער ארבּייט, וואָס איז געשאַפען געוואָרען אין דעם אלט־ניי־לאַנד נאָכ'ן שטאָלצען מוטיגען רוף צו א זעלבּסט־בּעפרייאונג. די געגענד האָט אויפגעלעבּט. ס'קומען אָן וועגענס געפּאַקטע מיט זינגענדיגע ארבּייטער פון עמק יזרעאל, ס'קומען צו רייטען בּחורים און מיידלעך פון די ווייטעסטע קאָלאָניעס אין אויבּערשטען גליל; פון די

צפת'ער בערג לאזען זיך אראפּ אין די נידער גאנצע קאראוואנען, פון חיפה, פון שומרון און אפילו פון יהודה. — עס פערזאמעלט זיך דאס פאלק אין כנרת. ס'יאגען זיך די יודישע שומרים אויף זייערע צוהיצטע אראבישע שקאפעס, די יונגסטע טעכטער פון דער אלטער טבריה זינגען פרייע אויפלעבונגס=לידער, ס'טראגען זיך שיפלעך מיט א ווייס=פערפוצטען עולם איבער די רוהיגע וואסערען פון ים כנרת, און שטימען שטארקע, מונטערע פערהילכען די לופט און קלינגען אפּ אין די ארומיגע פערשאטענטע בערג. די „אמעריקאנער קבוצה" פון „האפּר הצעיר" לעבט. דא שטעלט מען אויף הילצערנע געצעלטען, דארט ווערט איינגע=ארדענט די אויסשטעלונג, דארט כאפּט מען עפּיס איבער, דארט ראנגעלט מען זיך, און ס'איז א מחיה צו קוקען אויף די אמעריקאנער יונגען, וואס פאר א קראפט עס שפּארט פון זיי, וואס פאר א געשיקטליכקייט און בעוועגליכקייט עס ליגט אין יעדען ריהר זייערען.

קליי'ס פנים שטראהלט. אומעטום איז ער. אבער נאך אלץ אביסעל פון דער זייט. ער קוקט זיך נאך אלץ צו און רעדט וועניג.

ס'איז אוועק נאך א שטיק צייט. איך בין אין גליל העליון, אין ראש פנה. ס'קומט אן, ווייזט אויס, א נייע צייט, און אויך דא אהער וועט דערגרייכען דער פרישער שטראם פון דער אויפבויאונגס=ארבייט, וועלכער האט פערפלייצט יהודה און דעם גליל התחתון. מ'שמועסט וועגען ארבייטער=דערפלעך, וועגען איינארדנען דא די תימנים, וועלכע וואנדערען ארייז אין גרויסע מאסען, פערשידענע חברות פון קרעמענטשוג און יעקאטערינאסלאוו ווילען פערפלאנצען דעם בארג, ס'פיהלט זיך א אינטערעס פון די קאלאניעס און פון די עסקנים.

אונערווארטעט טרעף איך מיך מיט קליי'ן. שבת גאנץ פריה. מיר קלעטערען ארויף אויפן בארג כנען. הויל, נאקעט איז דער בארג, כמעט איננאנצען אויסגע=זעצט מיט הארטע גלאנצענדיגע פעלזען. די זון איז שוין הויך, באקט שטארק און מיר שטייגען העכער און העכער. ס'וויקעלט זיך אויף פאר אונז א ליכטיגע וועלט און זי שפּרייט זיך אויס, לויפט אוועק ווייט, ווייט. דאס זילבערט זיך דער שניי=ווייסער קאפּ פון אלטען חרמון. אונטען, אונז צופוסענס, פליעסט דער ים כנרת און איהם שניידט דורך דער ברונז'דיגער ירדן=שטראם. מיר צעהלען די יודישע קאלאניעס און פעלדער. ביי קליי'ן האט זיך די צונג אויפגעבונדען. ער רעדט מיט א שטארקער ברוסט=שטים און זי קלינגט אפּ אין דער צארטער, דורכזיכטי=גער לופט: דא קאן מען שאפען. ס'איז נאך אלץ אונבעריהרט. מיר פערמאגען די קראפט, דעם ווילען. ס'ציהט אונז אהער ניט בלויז דער מאטעריעלער אינטערעס. א נייע קולטור ווילען מיר שאפען. ס'מוזען אנדערע בעציהונגען זיין, צו דער נאטור, צו דער ארבייט, צו דער קולטור. ערשט דא דערפיהלט מען, בעגרייפט מען דעם זין פון סאציאליזם. ס'איז דאס בויען און שאפען אויף אלע געביעטען, אין אלע ווינקעלעך פון לעבען. דער אמעריקאנער יוד דארף אהער קומען, מיט זיין אונטערנעהמונגס=גייסט, מיט זיין ריקזיכטס=לאזיגקייט, ערפאהרונג און העכערע פערלאנגען.

די רוסישע יודען — זיי זענען דא נויטיג געווען און וועלען נויטיג זיין אויך שפעטער. זיי ברענגען דעם אידעאל, די מסירות=נפש. אבער דאס אליין איז ווייניג. מ'דארף האבען די פערספעקטיוו פון שאפען א יש מאין. דאס קאן אונז געבען נאר דער אמעריקאנער יוד, וואס פאר זיינע אויגען איז אויסגעוואקסען א גאנץ

נייע וועלט. מ'דאַרף אויך דעם מאַן, וואָס קומט אהער פֿון אַ אָרט מיט העכערער קולטור און פֿרייהייט. אַזאַ איינער וועט זיך ניט בעגנוגענען מיט וועניג און וועט זיך ניט וועלען בויגען פֿאַר די עקסיסטירענדע בעדינגונגען. וואָס, וואָס — איינס האָט אונז אַמעריקאַ געגעבען: קוראַזש אין דער בעציהונג צום לעבען. און אין ארץ ישראל איז דאָך טאַקע דער עיקר — קוראַזש. ס'איז דאָ מעגליך אויפֿצובויען אַ נייעם צענטר פֿון מאַטעריעלער און גייסטיגער קולטור, מ'ברויכט נאָר דעם קוראַזש דערצו. דאָס האָט געפֿעהלט דעם דורכשניטליכען רוסישען יוד. ס'זענען געקומען בלויז אידעאַליסטען. אין אַמעריקאַ איז דאָס די איינגענשאַפֿט פֿון דורכשניטליכען יוד, וועלען זיי טאַקע אהערקומען צוליעב פּראַקטישע אידעאַלען. ס'לוינט זיך.

מיר האָבען זיך אַרויפֿגעקליבען אויף אַ אויסגעמויערטען קבר פֿון אַ פֿאַר־צייטישען מלך פֿון כּנען, זיך בעקוועם פֿונאַנדערגעלעגט און קליי האָט געריעדט. מ'דאַרף דאָ קעמפֿפֿען מיט דער רוטינע. די אַלטע סביבה שטערט גייסטיג, פּסיכאָלאָגיש. מ'דאַרף זיך מיט איהר ניט רעכענען. מיר דאַרפֿען זעהן בלויז אונזער ציעל. ס'איז נאָך פֿאַרהאַן רוטינע אויך אין דער אַרבייטער־סביבה. אַלטע בעגריפֿען, בעציהונג צום אַרבייטס־געבער און ניט צו דער אַרבייט. דאָ איז אונזער פּלאַץ, דאָ דאַרפֿען מיר, פּועלי־ציון, זיין די וועג־ווייזער דורך איינגענעם ביישפּיעל. ס'איז שוין דאָ די היים, נאָר מ'דאַרף זי איינאָרדנען. מ'דאַרף אַריין אויך אין די סביבה פֿון די קאָלאָניסטען, מ'דאַרף זיי ווייזען, ווי אַזוי צו אַרבייטען, ווי אַזוי זיך צו בעציהען צו דער ווירטשאַפֿט. מיר דאַרפֿען אהער בריינגען די ציוויליזאַציע.

איך קיק זיך איין אין איהם, אין דעם אַמעריקאַניש־יודישען ציוויליזאַטאָר. ער ווייס וואָס ער האָט צו טהון, ער ווייס, אַז מ'קאָן עס טהון. אַזעלכע דאַרפֿען מיר דאָ טאַקע.

קליי האָט בעשלאָסען זיך צו קאָלאָניזירען. ביי אַנדערע איז איהם שווער צו אַרבייטען. ס'איז ניטאָ די פֿרייהייט פֿאַר עקספּערימענטען, ס'שטערט די מורא פֿאַר ריזיקע. ער וויל ווייזען וואָס עס קאָן אויפֿגעטהון ווערען אויפֿן ווירטשאַפֿטליכען געביעט. ער טראַכט אויך וועגען איינאָרדנען אַ פֿאַמיליען־לעבען. ס'קאָן ניט זיין קיין גוטער קאָלאָניסט אָהן אַ הויז און אָהן אַ הויף־ווירטשאַפֿט. ס'איז נויטיג אַ בעל־הבית'טע, אַ חבר'טע אין דער אַרבייט, אין דער גייסטיגער וועלט...

ס'לויפֿען די חדשים. קליי איז קאָלאָניסט אין מלחמיה. אַ פֿעטער, גוטער באָ־דען, נאָר די קאָלאָניסטען זענען אָבגעשטאַנענע. איין יאָהר, און זיין ווירטשאַפֿט איז גלענצענד איינגעאָרדענט. ער איז אַ מוסטער פֿאַר אַלע. מ'קוקט זיך צו איהם צו, מ'לערנט זיך ביי איהם.

ס'איז געקומען די צייט און ער איז נתגלה געוואָרען.

ס'איז אָבער ניט בעשעהרט געווען אויף לאַנג.

עס האָט אויסגעבראָכען די מלחמה. ארץ ישראל איז אָבגעשניטען פֿון דער וועלט. ס'טראָגען זיך אַרום מאָדנע קלאַנגען אין די יודישע קאָלאָניעס. די אַראַבער ווילען אויסנוצען דעם מאָמענט, בעפֿאַלען די קאָלאָניעס, ראַבירען, שחט'ען, שענדען, מאַכען פֿון אַלץ אַ תּל. ווערען די געזיכטער ערנסטער, די בליקען ענטשלאָסענער; מ'גרייט זיך. ווייט אָן אַ זייט ליגט מלחמיה. די אַראַבישע שכנים ווערען חוצפה'דיגער, קריכען אויף די תבואה. טהוט דאָס יודישע האַרץ וועה, ווערט דאָס בלוט פֿון די יודישע שומרים אויפֿגעקאָכט. מ'טאָר ניט שווייגען, אפילו איצט, בעזונדערס איצט. אַנדערש איז דאָך אַרויסגעוואָרפֿען די גאַנצע ביז איצ־

טיגע ארבייט. די אראבער ווערען פֿערשייטער, מ'שניידט יודישע תבואה. דער צוזאמענשטויס איז אונפֿערמיידליך. די ידיעה ווערט פֿערשפרייט אין אלע קאלאָניעס. מ'כאפט זיך אויף, ווער צו=פֿוס, ווער אויף א פֿערד און מ'איילט קיין מלחמיה צו הילף. ס'האָט זיך שוין אָנגעהויבען, איין אראבער איז שוין געפֿאלען, דער צווייטער פֿערוואונדעט. מ'געהט אויף מלחמיה. ווייבער און קינדער, מענער מיט געוועהר און מיט שטעקענס. מ'ווערט א חורבן מאכען פֿון דער קאלאָניע, מ'וועט שענדען די פֿרויען. די קאלאָניע פֿערטיידיגט זיך רוהיג און אָרגאניזירטערהייט. א אָנפֿאל אויף די קאלאָניע הייסט א אָנפֿאל אויפֿן גליל, אויפֿן ישוב. דערפֿאר בערירט עס אלע. די מענער זענען צולעגט אויף די דעכער און אלע פֿיער זייטען און זיי בעגעגענען דעם שונא. די שול=קינדער זאמלען אונטער דער אויפֿזיכט פֿון לעהרער שטיינער, דערלאנגען זיי ארויף, און ביי די אריינגענג — ווערען אויפֿגעשטעלט באריקאדען. ס'פֿליהען קוילען איבער די קעפּ. ס'טראָגען זיך ווילדע געשרייען און קללות. די קאלאָניע שטעהט פֿעסט, מ'קאָן צו איהר נאָהענט ניט צוטרעטען.

דאָס קנאלען דערגרייכט ווייט, איבער'ן ירדן און מיט דער יבשה קומען אָן חברים צו הילף. ס'הערט א שיעסעריי פֿון ביידע זייטען. די נאכט פֿאלט צו, שטאָקפֿינסטער. גרויזאם איז דער חאדי=פֿעדזשאס, עס לויערען זיינע מערות און פֿעלזען=קנייטשען. דער עולם לויפֿט, מ'שיעסט. ווער? א איינגענער צי א פֿרעמדער? עס הערען זיך העברעאישע רופֿען, מ'דערקענט זיך, מ'מיידט אוים דעם שונא, כדי צוצוקומען צו דער קאלאָניע.

די אראבער ווארטען נעבען הרוג, זיי מוזען נקמה נעמען פֿאר זיין בלוט.

קליי איילט א היים. א אָנפֿאל אויף זיין קאלאָניע, זיין פֿרוי איז אין געפֿאהר. זיין האנד איז שטארק, דער רעוואָלווער גרייט און דאָס הארץ פֿעסט. ער איילט מיט א חבר, גיכער, גיכער. זיי זענען אויבען אויפֿן בארג. אונטען ליגט מלחמיה. מיט'ן שמאלען רייט=וועג ביים שפּיץ פֿון בארג וועלען זיי שנעל זיין אין דער היים. אבער דאָ אונטען אין א זייט שיעסט מען. אפשר איז מען עס אָנגעפֿאלען אויף א פֿערשפּעטיגטען יוד. מ'לאָזט זיך שנעל אראָב ברענגען הילף.

ער האָט אָנגעטראָפֿען אויפֿן אראבישען הרוג מיט זיינע נקמה=דורשטיגע קרובים און איז גלייך געפֿאלען פֿון א קויל. ער, קליי, דער גבור, דער אייזען=פֿעסטער מאן, דער אויסגעצייכענטער שיעסער, איז געפֿאלען פֿון א בלינדער קויל, אָהן ווידערשטאנד, אָהן קאמפּף.

ווידער בין איך אין גליל. ס'שמעקט נאָך מיט בלוט און פּולווער. ניטאָ קליי'ס קערפּער. מ'זוכט שוין דריי טעג אין אלע וואדי'ס, אין ירדן, — ניטאָ. אפילו צו קבר=ישראל ניט געקומען. דער גליל איז אויפֿגעבראכט און פֿערזאָרגט. א שטאָלצע פֿערטיידיגונג געוועזען. אבער קליי איז ניטאָ. צו טייער בעצאָהלט. און עס בערוהיגט זיך ניט דאָס הארץ, מ'מוז איהם אויפֿזוכען.

ער איז דאָ. די שטארקע ירדן=שטראָמען האָבען דעם גוף געשלעפּט אראָב צום ים=המלח, האָט ער זיך פֿערפּלאָנטערט אין קאמיש פֿון ירדן און איז געבליבען ליגען. מ'האָט איהם געפֿונען. קוים דערקענט. אכזריות'דיג געפּייניגט דעם קערפּער האָבען די רוצחים. אבער די ברייטע אקסלען, דער שטארק ענטוויקעלטער קערפּער זאָגען עדות, אז דאָס איז בערעל קליי.

מ'האָט איהם געגראָבען א קבר אין זיין קאלאָניע, מלחמיה, ביים ברעג פֿון ירדן.

---

# יצחק טורנער.

אלס 13-יעהריג יונגעל איז ער אין יאהר תרס״ה געקומען פון לאדז קיין ארץ-ישראל און אריינגעטרעטען אין צווייטען קלאס פון יפו׳ער גימנאזיע. אלס שילער פון זיבעטען קלאס האט ער פערלאזען די גימנאזיע צוזאמען מיט נאך א גרופע חברים, וועלכע האבען בעשלאסען צו ווערען ארבייטער. א טייל פון די חברים איז ניט ביינעשטאנען דעם נסיון און צוריקגעקעהרט צו דער גימנאזיע, טורנער האט אבער אויסגעהאלטען. א קורצע צייט האט ער געארבייט אין חדרה, שפעטער איז ער געווארען א שומר אין כרכור. די עלטערן האבען איהם אבגערעדט פון אזעלכע „נארישקייטען״ און איהם פארגעלעגט צו קויפען זיך ערד און צו ווערען א קאלאניסט— יצחק האט אבער ניט געוואלט הערען דערפון. ער איז געגאנגען קיין גליל, כדי צו ווערען דארט א שומר. אינגיכען איז ער צוליעב זיין פלייסיגקייט ביי דער שמירת אנגענומען געווארען אלס מיטגליעד פון „השומר״ נאך פאר׳ן געזעצליכען טערמין.

טורנער איז אויף א קורצע צייט געקומען קיין יפו, כדי דארט צו בעזוכען זיינע עלטערן און חברים. די עלטערן האבען פון איהם ווידער פערלאנגט, ער זאל ווערען א קאלאניסט. טורנער איז אבער געווען ענטשלאסען ווידער צוריקצוקעהרען צו דער וואך. אין דער וואך האט ער געפונען דעם זין פון זיין עקזיסטענץ, דאס הייליגסטע פון זיין איך. טורנער האט באלד פערלאזען יפו און איז געקומען אלס שומר קיין חדרה. דארט איז ער קראנק געווארען און די וואך איז געווארען א סכנה פאר זיין געזונדהייט. די פריינד האבען איהם געבעטען, אז ער זאל זיך אברוהען, ער האט אבער ניט געוואלט הערען און איז קראנקערהייט געגאנגען צו דער וואך. זיין געזונד-צושטאנד איז געווארען ערנסטער, מ׳האט איהם געמוזט מאכען א אפעראציע.

ער איז געקומען קיין טבריה און דארט האט ער געפונען זיין אייביגע רוה...

י. מ. ניימאַן.

# „עֲבוֹדָה“ און „גָלוּת“.

(װעגן יצחק טורנער).

װען מען רעדט װעגן אַזעלכע געפֿאַלענע, װאָס האָבן מיט זײער יונג=בלוי=זענד בלוט בעפֿײַכט אונזער ערד, װערט פֿערשעהמט יעדע טרעהר. נײן! ניט װײנען װילט זיך, קלערענדיג װעגן זײ. טרעהרען זענען אַ סימן פֿון אָהנמעכטיג=קײט. מען בעװײנט דאָס אַלטע, דאָס פֿערגעהענדע. װען מיר קלערען װעגען טורנער'ן, װעגען אײנעם פֿון אונזערע מוטיגסטע, װאָס האָט זיך אַלײן אַרויס=געריסען פֿון אונזערע רײהען און אַװעק אַהין, צום מאָרגען=לאַנד, װערט אונזער אויג ניט טרעהר=בעפֿינקעלט, נאָר פֿײַער=בליצענד. מיר װעלען װײַטער טראַצען! מיר װעלען װײַטער קוקען מוטיג דעם טויט אין די אויגען אַרײַן און דערגרײַכען דעם ציעל!

איך געדענק טורנער'ן פֿון דער האַנדװערקער=שולע אין לאָדז, פֿאַר די צײַטען װען יאַן קירשראָט ז"ל איז געשטאַנען אין איהר שפּיץ. בײַ אַלע תּלמידים איז דאַן געװען דער דורשט צו... אַרבײַט. איך מײן אַרבײַט אין דעם פּשוט'סטען זין פֿון װאָרט: נעמען אַ האַמער און שמיעדען דאָס אײַזען; נעהמען די פֿעדים, ענצעלנע, אָבגעריסענע, און פֿערשפּינען און פֿערװעבען. אָהן מליצות. אונז איז דערעסען געװאָרען דאָס „עקסטערניטשאַיען“, דאָס „זוכּרעװען“, דער אונענדלי=כער נעפּעל פֿון חקירות. עס איז געװען אַ װילען צו בעפֿרײַען זיך פֿון דער באָדענ=לאָזיגקײַט, פֿון די לופֿט=בעשעפֿטיגונגען, פֿון קעסט=חיונה. פּראָדוקטיװ אַרבײַטען— דאָס איז געװען די לאָזונג.

ס'רוב שילער פֿון דער שולע זענען אָבער נאָך געװען אין גאַנצען אַדורכגע=דרונגען פֿון דער השׂכּלה=אידעאָלאָגיע. דער צװײטער שריט איז ניט געמאַכט געװאָרען: מען האָט אײַנגעזעהען, אַז מען איז באָדענלאָז, אַז מען שװימט אין דער לופֿט, אַז מען מוז אײנמאָל פֿאַר אַלע מאָל אַרויס פֿונ'ם חקירה=נעבעל און פּראָ=דוקטיװ אַרבײַטען, אָבער מען איז נאָך ניט געקומען צום שׂכל, אַז דער אַרבײַטער מוז ערשט רעכט האָבען אַ פֿעסטען אַנטאַפּעװדיגען באָדען אונטער די פֿיס. װער, װער — דער אַרבײַטער קאָן ניט בויען זײַן בנין אויף זאַמד און לופֿט. ער מוז האָבען אַ פֿונדאַמענט, דער פֿונדאַמענט מוז זײַן אַרץ ישׂראל.

צום דאָזיגען געדאַנקען=גאַנג זענען די שילער, װי געזאָגט, ניט געקומען.

דאָ, אין דער האַנדװערקער=שולע, אין דער פֿעסטונג פֿון דער אַסימילאַציע אין לאָדז, בײַ דער שטרענגער דיסציפּלין, װאָס האָט געהערשט אין די דיקע מויערען, װאו אַ יודיש װאָרט איז ממש אונטערדריקט געװאָרען, — דאָ האָט מען געמוזט האָבען אַ בעזונדערען מוט, כּדי אַרויסצוזאָגען אַ פֿרײַען, יודישען געדאַנק. טורנער איז געװען דער מוטיגסטער.

מיר האָבען געגרינדעט אַ קרײז פֿון נאַציאָנאַל=געזאָנענע שילער, װעלכער האָט געשטרעבט אַרויסצוװײַזען אַ װידערשטאַנד געגען די אַסימילאַטאָרישע טענדענ=צען אין דער שולע. כ'װעל קײנמאָל ניט פֿערגעסען די ערשטע פֿערזאַמלונג. כ'האָב דאַן געהאַלטען אַ העברעאישען רעפֿעראַט װעגען די אויפֿגאַבען פֿון דעם קרײז און שטאַרק בעטאָנט די נויטװענדיגקײט אַרײַנצוברענגען אין אונזערע רײהען אַ „לחלוחית של שירה“. טורנער, דער שעהנער בלאָנדער טורנער, מיט'ן פֿולען

אוואלנעם געזינגט, מיט'ן לעבעדיגען פייער אין די אויגען, מיט'ן חן-גריבעל אין גאמבע, מיט'ן אויסדרוק פון צארטער ווייבליכקייט און רויהער מענערישקייט צוזאמען, איז געשטאנען אין א ווינקעל און אויף זיינע דינע ליפען האט זיך פערצויגען א שמייכעל. נאך מיין ענדיגען איז ער מיט ענערגישע שריט צו צו מיר, געדריקט מיר די האנד און אנגעהויבען רעדען. וואס פאר א ווייכע, קלינגענדיגע שפראך! ער האט גערעדט מיט דער הברה הספרדית, אבער ניט קוקענדיג, וואס די הברה איז אונז געווען פרעמד, האט ער אלעמען בעצויבערט. ער האט איינגעפלאסען אנ'איבערצייגענדען דרך-ארץ צו זיך און צו זיין זאך — צו אונזער זאך.

מיר זענען זיך אפט צוזאמענגעקומען, איינגעארדענט „טיולים“, אסיפות, וכוחים. ער איז געווען דער ארי-שבחבורה. דער לעבעדיגסטער, דער בעליעבטעסטער ביי די תלמידים און לעהרער, אפילו פון אסימילאטארישען לאגער.

טורנער פלעגט אונז, בשעת חדוה, א חוץ זינגען ארץ-ישראל-לידער, אויך מאנכמאל פארלייענען זיינע ערצעהלונגען פון ארץ-ישראל-לעבען. מאנכע זענען מיר נאך געבליבען אין זכרון. זיי האבען אין זיך געהאט א פרישען הויך. א ווזיע — אברהם אבינו; א וואך-נאכט פון א שומר. עס וואלט געווען א יושר, אז מען זאל די זאכען אבדרוקען.

צוויי ווערטער זענען פארהאן, וואס טורנער פלעגט זיי אפט בענוצען און וואס האבען זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון. צוויי ווערטער, אין וועלכע עס איז אויסגעדריקט דער גאנצער טורנער. „גאלוט“ (גלות) און „לאוואדא“ (לעבודה). ער פלעגט מיט אזוי פיעל פעראכטונג ארויסזאגען דאס ווארט גלות, מיט'ן ווייכען למד און דגש אויפ'ן סוף. ער איז געווען אזוי אונדערבארמיג אין זיין אורטייל. מענדעלי, פרישמאן, פרץ — כמעט די גאנצע נייע ליטעראטור אונזערע איז ביי איהם געווען ג ל ו ת. מ'דארף איינמאל פאר אלע מאל איבעררייסען מיט דער בעשמוצונג אדער פעראידעאליזירונג פון שטעטיל. לא מעלה ולא מוריד. וויכטיגע אויפגאבען זענען דא, מ'דארף שאפען א נייע געזונדע ליטעראטור, וואס זאל זיך ציהען פון תנ"ך. מען מוז האבען אנ'אחריות-געפיהל פאר'ן ווארט. עס מוז קומען פונ'ם לעבען און דרינגען אין לעבען. עס איז אבער גענוג געווען, אז טורנער זאל א זאג טהון ל ע ב ו ד ה אזוי שטארק, אז מ'זאל פיהלען דעם אבהילך — און מען זאל איהם מוחל זיין. מען האט געפיהלט — ער שטראפט פון ליעבע.

ניין, ניין — כ'וועל דאסמאל ניט רעדען, ווי אזוי יער איז אבגעפאהרען פון אונז, פלוצלינג, אומסגעריכט קיין ארץ-ישראל; דאס געזעגענען זיך, די וואונשען. איך האב ווי געשוואוירען ניט צו טרויערן, שרייבענדיג וועגען איהם, אבער אזא באנגע אומעטיגקייט שלייכט זיך דאך ארײן אין הארץ; אזא שווערקייט פרעסט די שלעפען און ענג ווערט, ענג — חבר, חבר! וועל איך דיך שוין ניט בעגעגענען דארט — אין לאנד, אין וויט-נאהענטען — מיט'ן גליהענדען פייער און גלעטענדען חן — מיט תער צארטער ווייבליכקייט און רויהער מענערישקייט, — אך, ווען איך קלער איצט וועגען ארץ-ישראל קלער איך וועגען טורנער'ן און ווען כ'קלער וועגען טורנער'ן קלער איך וועגען ארץ-ישראל. זיי ביידע זענען דורכ'ן אות-ברית פון ב ל ו ט געאייניגט און געהייליגט געווארען.

לאדז, תמוז תרע"ח.

---

אבטליון.

# זכרונות.

מיט אַ יאָהר צוועלף צוריק האָבען מיר זיך צום ערשטען מאָל געטראָפֿען. ביידע זענען מיר געקומען דעם ערשטען טאָג לערנען אין דער האנדעלס־שולע פֿון „קאָמי־פֿעראיין“ אין לאָדז, ביידע אין איין קלאַס, אויף איין באַנק.

גיך האָבען מיר זיך דערנעהנטערט איינער צום צווייטען און ניט לאַנג האָט געדויערט און מיר זענען גוטע, געטריישע פֿריינד געוואָרען.

ס'איז אַריבער אַ קורצע צייט און מיר האָבען זיך איינגעלעבט אין דער שולע, זיך היימיש געפֿיהלט, אַ קליינע גרופּקע פֿון שילער האָבען מיר זיך צוגויפֿגערעדט און בעשלאָסען צו גרינדען אַ שילער־אָרגאַניזאַציע מיט'ן צוועק צו ווירקען אויף די חברים־שילער אין רעוואָלוציאָנערען גייסט און צו דערנעהנטערן דעם תלמיד צו די מאַסען פֿון פֿאָלק און צו דער רעוואָלוציע. איינער פֿון די גרינדער פֿון פֿעראיין איז געווען טורנער. ער איז דעמאָלס געווען ווייט פֿון צו זיין אַ רעוואָלוציאָנער. ער־צויגען ביי אַ פֿערמעגליכען לאָדזער סוחר און זענענדיג נאָך יונג האָט ער גאָרניט געוואוסט פֿון דער גאַס און פֿון די נויטען פֿון פֿאָלק. אָבער שוין דעמאָלס האָט איהם געצויגען אַהין, צו דער וועלט פֿון די מאַסען. דער פֿעראיין איז געגרינדעט געוואָרען און טורנער האָט אין איהם גענומען אַ גרויסען אַנטייל. און זין פֿון געמיינזאַמער פֿריינדשאַפֿט האָט ער אונז אַ סך געגעבען; ער האָט אונז געוויזען דעם אמת'ען ביישפּיעל פֿון געטרייער פֿערברידערונג צווישען חברים און אָפּטמאָל אונז געדיענט אַלס מוסטער. דערפֿאַר האָבען מיר איהם מיט עפּיס אַנדערש בעצאָהלט. פֿון אונזער געדאַנקען־היים, פֿון דער שילער־אָרגאַניזאַציע פֿון „פּועלי־ציון“ האָבען מיר געבראַכט אין אונזער פֿעראיין דעם גייסט פֿון רעוואָלוציע און איהם פֿערשפּרייט צווישען אַלע חברים־שילער. דאָס איז דאָך יענער פֿייערדיגער רעוואָלוציאָנערער ענטוזיאַזם, וועלכער האָט טורנער'ן אַזוי געטריבען פֿון איין אָרט צום צווייטען און איהם ניט געגעבען קיין רוה, ביז ער האָט איהם געבראַכט צו די גרינע פֿעלדער פֿון גליל און צו דער יודישער שמירה...

* * *

ווען די קומסט קיין ארץ־ישראל און די שיף לאָזט דיך אַראָפּ ביי די ברעגעס פֿון יפֿו, געהסטו קודם כל צום נייעם יודישען קוואַרטאַל — אין תל־אביב. ווען די קומסט אין תל־אביב און בעוואונדערסט דאָס שעהנע יודישע געטאָ, דערזעהסטו פֿריהער פֿון אַלץ — די יודישע גימנאַזיע. תל־אביב איז די קרוין פֿון דער שטאָדט, און די קרוין פֿון תל־אביב איז די יודישע גימנאַזיע. קנאַפּע טויזענד יודישע קינדער פֿון פֿערשיעדענע וועלט־טהיילען געהען אַריין טאָג איין טאָג אויס אין דעם יודישע טעמפּעל פֿון וויסען, און געהענדיג צוריק פֿון דער גימנאַזיע, געהען זיי ניט מיט געבויגענע רוקענס און ניט מיט פֿערכמאַרעטע פּנים'ער — ווייל ניט אין אַ פֿרעמדער שולע פֿערברענגט ער, דער יודישער תלמיד אין ארץ־ישראל, זיין יוגענד, נאָר אין אַ יודישער שולע, וואו ער לערנט פֿון זיינע לעהרער — ניט פֿרעמדע — זיין וויסען און אויך טרײַהײט צו זיינע אידעאַלען. ווייל ניט נאָר צום מוח אַפּעלירט מען אין פּאַלאַץ פֿון יודישער בילדונג, אויך דאָס הארץ ווערט דאָרט דערנעהרט. אָט אין די גימנאַזיע איז אויך טורנער אַריינגעטרעטען באַלד נאָך זיין קומען קיין ארץ־ישראל. ער איז געווען אַ גוטער שילער. ער האָט

זיך צו דער שולע גיך צוגעוועהנט און נאך גיכער האבען זיך די שילער צו איהם צוגעוועהנט. טורנער איז געווען א העלדיש יונגעל מיט א פאר פולע רויטע באקען, מיט שעהנע בלאנדע האר, און איז גיכער געווען עהנליך צו א שעהן יונג מערעל.

— גוט איז צו לערנען אין יפו'ער גימנאזיע. וואויל איז דעם תלמיד, וואס דער גורל האט איהם געשענקט די מעגליכקייט דאס צו דערגרייכען — אזוי פלעגט טורנער אפט זאגען — נאר דאך... עפיס ניט דאס...

די טעג זענען זיך לאנגזאם געקראכען. ס'קומט די פעריען־צייט, ווען דער תלמיד איז פריי פון דער שולע און די גימנאזיע מאכט א „טיול“ — א שפאציר איבער'ן גליל. הונדערטער קינדער פון די העכערע קלאסען געהען א דורך צו־פוס דעם יודישען גליל. די ארבייטער און די קאלאניסטען נעמען אויף מיט ליעבע די שטאדטישע יוגענד און מ'מאכט לכבוד די געסט פערוויילונגען און חגיגה'לעך. דער תלמיד געהט דורך די פעלדער פון גליל, זעהט וויפיעל שוויים, וויפיעל בלוט ס'איז אין זיי איינגעזאפט, דאך — עס בליהען די בלימעלער שוין, עס שפראצען די זאנגען... און א בענקשאפטס־געפיהל בעהערשט דעם יודישען תלמיד — ווי גוט איז דא! דא, צווישען די פרישענקע בלימעלעך פון עמק יזרעאל, דא, אין דעם טהאל פון שטילען כנרת — ווי גוט איז דא לאנגזאם צו געהן נאך די פרדות, צו אקערן און צו זעהען דאס גליק און די צוקונפט פון פאלק...

ביינאכט געהען די שפאצירער ארום אין די קאלאניע און דערזעהען פון ווייטענס דעם שאטען פון יודישען שומר. ער שטעהט אויף דער וואך. ער היט די קאלאניע. ניין! ער היט עס דעם כבוד פון פאלק. פרעמדע האבען אונז פריהער געהיטען. מיר זענען ניט פעהיג געווען אפילו זיך אליין צו היטען. דער יודישער תלמיד זעהט זיינעם א ברודער ביי דער וואך און איז איהם מקנא — גליקליך איז דער, וואס קאן דאס דערגרייכען...

דער תלמיד פערפיהרט מיט איהם א שמועס.

— שווער איז די וואך, — זאגט דער שומר — נעכט פינסטערע, נאסע, און גנבים איז פארהאן א סך, רויבער, וועלכע קאנען ניט זעהן ווי מיר הויבען אן צו לעבען ווי מענשען, און ביי נאכט, דוקא אין די שטאק־פינסטערע און נאסע נעכט, פאלען זיי אן, האפענדיג, אז אין אזא צייט וועלען מיר ניט היטען. מיר וועלען זיי אבגעוועהנען. מיר האבען א מיטעל געגען זיי. — ער נעמט אראב פון דער פלייצע די ביקס...

— וועניג זענען מיר, — זאגט ווייטער דער שומר — געצעהלטע, אבער מיר ווארטען. ס'וועלען קומען נאך א סך ברידער צו אונז, יונגע, אזעלכע ווי איהר, זיי וועלען קומען און דאן — אינאיינעם... אינאיינעם...

אזוי געהט זי א דורך די מחנה יודישע תלמידים איבער די יודישע פעלדער, זאפט איין אין זיך דעם פרישען געזונדען ריח פון יודישער ארבייט און אין דער פאנטאזיע וועבען זיך נייע טיעף־בלויע האריזאנטען און ציהען א הינצו און ציהען...

די „גימנאזיע“ קומט צוריק פון שפאציר און נעמט זיך ווידער צום לערנען, צום בוך. נאר דאס הארץ איז אונרוהיג, ס'דערמאהנט זיך דאס פעלד...

און אין איינעם פון די געוועהנליכע טעג אין ארץ ישראל האט זיך פער־שפרייט איבער'ן לאנד א ידיעה, אז זעקס תלמידים פון דער יפו'ער גימנאזיע האבען פערלאזען די שולע און אוועק ארבייטען אין די קאלאניעס. איינער פון די זעקס איז געווען יצחק טורנער. געווען איז ער אין לאנד, געזעהען די ארבייט און

די וואך, האָט ער דאָס פֿרײַע פֿעלד דערשפּירט און די ווענד פֿון דער שולע זענען איהם ענג געוואָרען. האָט ער געמוזט ארויס — מעהר פֿערבלײַבען א שילער האָט ער ניט געוואָלט, ניט געקאָנט.

— איך וויל אויפֿהערען לערנען פֿון בוך, און וויל לערנען די ארבײַט, די וואך! — דאָס איז געווען זײַן זײַ-געזונד דער יפֿו'ער גימנאזיע, וועלכע ער האָט אזוי ליעב געהאָט.

טורנער איז ארויס פֿון דער שולע — צום לעבען. נאָר וואוהין? וואוהין זאָל ער געהן? ארבײַטען? ניין! געהן וועט ער דאָרט, 'וואו ס'איז געפֿעהרליכער, שווערער, ווײַל דאָרט געהען ווענינע, דאָרט דאַרף מען אבער א סך. און לאנג האָט ער ניט געטראַכט. ער איז געוואָרען א שומר, ווײַל טורנער האָט געוואוסט, אז די משפחה פֿון די שומרים איז די קלענסטע און זי נויטיגט זיך מעהר ווי אנדערע אין מענשען געטרײַע און איבערגעגעבענע צו דער וואך-ארבײַט.

טורנער איז געוואָרען א שומר. לכתחילה האָט מען פֿון אלע זײַטען געקוקט אויף איהם. אײַניגע האָבען איהם אויסגעלאַכט; אזא יונגער, געוועהנט צום בוך. אָבער ס'איז אריבער א קורצע צײַט און טורנער איז געוואָרען אײַנער פֿון די בעסטע און געטרײַעסטע שומרים אין גליל.

אין דער נאציאָנאַל-ביבליאָטעק אין ירושלים האָט אײַנמאָל, אין שבת, א בע-וואוסטער יודיש-העברעאישער שרײַבער געלײענט אײַנע פֿון זײַנע ערצעהלונגען, און פּלוצלינג זענען ארײַן א פּאָר יונגע לײַט מיט רײַפֿען און טורבאנען אויף די קעפּ, 'ממש פֿעלאַכען. דער עולם האָט זיך אומגעקעהרט צו זײַ און זײַ פֿערוואונ-דערט אנגעקוקט. איך האָב באלד דערקענט טורנער'ן. די רײַף מיט'ן טורבאן האָבען איהם א סך בעסער געפּאסט, אײדער דאָס היטעל פֿון דער גימנאזיע.

— שלום, טורנער! ווי געהט עס דיר! — נאָר טורנער האָט קײַן סך ניט גערעדט. געקומען פֿון דאָרף צו פֿערברענגען א ווײַלע אין דער שטאָדט. אויפֿן וועג דערהערט אז פּ. איז הײַנט דאָ און לײענט עפּיס פֿאָר, איז ער מיט די חברים גע-קומען אהער „כאַפּען א וואָרט“.

— בײַ אונז, פֿערשטעהסטו מיך, הערט מען ניט אזעלכע זאַכען. בײַ אונז איז — פֿערד און שקאַפּעס און מויזער-ביקסען.

אין א האלב יאָהר ארום בין איך מיט נאָך א פּאָר ארבײַטער און א קאָלאָניסט געגאנגען פֿון אײַן קאָלאָניע אין די צווײַטע. אויפֿן וועג צווישען יבנאל און כנרת האָבען מיר בעגעגענט טורנער'ן.

— שלום, טורנער! וואוהין געהסטו? — האָט איהם אײַנער פֿון אונזערע חברים געפֿרעגט.

— איך געה קײַן יבנאל. מאיר'קע איז נאָך אלץ ניט געזונד. דו ווײַסט דאָך, ער לײַדט אויפֿן פֿוס נאָך פֿון יענעם אנפֿאַל אָן, געה איך איצט אהין. איך האָב נאָר וואָס בעקומען א צעטעלע פֿון באַ-כח, איך זאָל קומען אהין היטען אויף זײַן אָרט.

איך האָב זיך אין איהם איצט גוט אײַנגעקוקט. ער האָט אויסגעזעהען א סך געזונדער ווי פֿריהער. די פֿרײַע לופֿט פֿון די פֿעלדער האָט איהם געשטארקט און געקרעפֿטיגט.

* * *

ס'איז אריבער 'אנ'ערד פֿון א יאָהר צײַט און איך האָב איהם ווידער געזעהען. דאָס מאָל ניט צווישען בערג, ניט אין גליל, נאָר אין דער שטאָדט.

שווער איז דאָס לעבען פֿון דעם יודישען שומר אין ארץ־ישראל. שווערער נאָך פֿאַר דעם, וואָס איז אויפֿגעוואַקסען און ערצויגען געוואָרען אין אַ גאַנץ אַנדערער וועלט און ניט אין דער וועלט פֿון ארבייט. שעהן און רוהיג זענען די זומער־נעכט אין ארץ־ישראל. דערפֿאַר זענען שטורמיש און צאָרניג דאָרט די נעכט אין ווינטער. און ווילסטו וויסען וואָס איז אַזוינס אַ יודישער שומר — געה אַרוים אין די קאָלאָניע שפּעט, נאָך חצות אין אַ רעגענדיגער ווינטער־נאַכט. אין אַ טיעפֿען שלאָף איז פֿער־זונקען די קאָלאָניע. נאָר איינער וואַכט — דער שומר! די ווינטער־נאַכט ברענגט איהם פֿיבער, פֿערקיהלונג, צובּרעכט זיין אָרגאַניזם. נאָר וואָס זאָל מען טהון? מ'שטעהט אויף חער וואַך, מ'מוז דאָס אריבּערטראָגען, גרינגערע נעכט וועלען קומען.

מ'מוז. דאָס איז ניט קיין מוז פֿון אויסען, נאָר אַ איינענער, אַ אינערליכער. און אין טורנער'ן האָט דער דאָזיגער „מוז“ שוין געשלאָגען טיעפֿע־טיעפֿע וואָרצלען. ניט איינמאָל האָט ער זיך געפֿיהלט פֿיבערדיג, קראַנק, אָבער ניט אַלע מאָל קאָן מען זיך אַזוי נאָכגעבען און בּלייבען די נאַכט אין דער היים.

— און ווער וועט היינט געהן צו דער וואַך אויף מיין אָרט?

ניין. מ'דאַרף זיך אויפֿהויבען העכער איבער דעם אַלעם, מ'דאַרף זיך מאַכען פֿערגעסען די אַלע „קליינינקייטען“. מ'דאַרף נעמען די ביקס, זי אָנלאָדען און געהן הינטער די וואַנד.

טורנער האָט טאַקע זיינס אויסגעפֿיהרט — ער פֿלעגט אָפֿט קראַנק ווערען און זיך ניט וויסען מאַכען וועגען דעם. נאָר ער איז שוין צו וויים פֿערגאַנגען, פֿון איין פֿערקיהלונג צו דער צווייטער און דערבּיי האָט ער נאָך שטאַרק פֿערדאָרבּען זיין מאָגען — און ער האָט זיך געמוזט ווענדען צו אַ דאָקטאָר. ערשט איצט האָט ער זיך דערוואוסט, אַז זיין קראַנקהייט איז ערנסט און אַז ער דאַרף אַ אָפּעראַציע. איז ער געקומען קיין יפֿו, וואו עס וואוינען זיינע עלטערן.

ער איז געקומען צו מיר, שוין ניט דער אַמאָליגער טורנער. די פֿולע בּאַקען זענען איינגעפֿאַלען. דער קערפּער איז אינגאַנצען דאַר און מאָגער געוואָרען.

— אַזוי, טורנער, ביסטו גאָר קראַנק.

— קראַנק! עט גאָרניט! איך דאַרף נאָר אַ אָפּעראַציע, און דאַן צוריק צו דער וואַך. נאָר איך דאַרף נאָך וואַרטען אַ וואָך צייט, ביז ס'וועט פֿריי ווערען אַ פּלאַץ אין שפּיטאָל. דערווייל — ווער ווייס, צי ס'פֿעהלט דאָרט ניט אַ שומר ביי אונז?...

טורנער איז בּלייך, די אויגען אונטערגעהאַקט. ער ליידט. צו זיינע פֿיזישע ליי־דען קומט צו נאָך אַ שמערץ, אפשר נאָך אַ גרעסערער — ווער ווייס, צי ס'פֿעהלט דאָרט ניט אַ שומר ביי אונז?...

מיין בּרודער, אַ יונגער קאָלאָניסט אין כּנרת, איז אויך געווען דערבּיי, האָט איהם טורנער ערנסט און געטריי אויסגעפֿרעגט גענוי און אויספֿיהרליך וועגען אַלץ און וועגען אַלעמען, בּעזונדערס אָבער וועגען די פֿערד און די פּרדות, אָנרופֿענדיג דערבּיי יעדע איינציגע מיט'ן נאָמען, ווי ס'פֿיהרט זיך: וואָס מאַכט „חמדה“, וואָס מאַכט „אביר“?...

ער איז געזעסען ביי אונז אַ פּאָר שעה און איז אַוועק. און עס איז מיר גאָרניט אין זין אַריין, אַז דאָס האָב איך צום לעצטען מאָל געזעהען דעם ליעבּען טורנער...

* * *

וויים פֿון דער היים און פֿון פֿריינד, ערגיץ אין אַ פֿערוואָרפֿענעם ווינקעל אין דער גרויסער אַלכּסנדריה פֿון מצרים האָבּען מיר, אַ טייל פֿון דער ארץ־ישראל'דיגער

יוגענד, ווי נאכט־שאטענס ארומגעבלאנדזשעט און זיך קיין ארט ניט געפונען.

— וואס הערט זיך ביי אונז אין דער היים? וואס הערט זיך מיט אונזערע דארט, אין ארץ ישראל?

דורשטיג האבען מיר איינגעזאפט אין זיך יעדען שארך, וואס פלעגט קומען צו אונז אהער, אין די פרעמד, פון דער היים.

דאס איז געווען אין יענער צייט, ווען אונזער אלכסנדריה האט גערוישט און געקאכט ווי א קעסעל. אין לעבען פון די אנטלאפענע איז ארויסגעשוואומען א ניי פערוויקעלט פראבלעם — די חבלי־לדה פון דעם יודישען לעגיאן. געהן קיין ארץ ישראל? און אויב ניט אהין — טא צוליעב וואס? און צי איז ער בכלל נויטיג? איז ער ניט שעדליך? —

אין איינעם פון יענע פעראומערטע טעג פון מיין לעבען, ווען איך בין ארויס צווישען די אנטלאפענע פרעגען וואס עס הערט זיך, האט מיך א חבר בעגעגענט מיט דער ידיעה:

— טורנער איז טויט!

גליקליכער טורנער! מיר דא זוכען א וועג, ווי צו שאפען דאס לעבען פאר ארץ ישראל. ער האט איהם געפונען — אין ארץ ישראל...

ניו־יארק.





## מנחם שטיינמאַן.

מנחם שטיינמאַן איז געבוירען געוואָרען אין טאָמאַשאָוו. ער איז געווען אַ איבערגעגעבענער ציוניסט און האָט גענומען אַ אַקטיווען אנטייל אין דער ציוניסטישער ארבייט. בעזונדערס האָט ער אַגיטירט צווישען דער יוגענד פאַר דער עמיגראַציע קיין ארץ ישראל, און ער האָט מאַטעריעל געשטיצט זיינע חברים, וועלכע זענען געפאָהרען אהין.

אין יאָהר תרע"ג האָט ער בעשלאָסען צו פאָהרען קיין ארץ ישראל. פאַר'ן אָבפאָהרען איז ער תשעה־באב אריין אין אַ שוהל, וואו עס זענען געזעסען יודען און געזאָגט קינות, און האָט הויך אויסגעשריגען: „יודען! אומזיסט אייער קלאָגען און קינות־זאָגען—פאָהרט בעסער קיין ארץ־ישראל!"... געזעגענענדיג זיך מיט זיינע חברים האָט ער פאַר זיי אָבגעגעבען אַ פייערליכע שבועה ניט מעהר צוריקצוקעהרען אין גלות. „אויב יאָ, האָט ער צוגעגעבען, זאָל אויפען וועג די שיף מיט מיר אונטערגעהן"...

ער איז געפאָהרען קיין ארץ־ישראל מיט דער דעה אָנצוקומען אין „מקוה־ישראל". ס'איז איהם אָבער דאָרט ענג געוואָרען און ער איז געוואָרען אַ ארבייטער אין חדרה און שפעטער אין רחובות.

לעצטענס האָט ער געאַרבייט אין אַ טערקישען ארבייטער־באַטאַליאָן אין מרה ביי זכרון־יעקב און איז דאָרט פערוואונדעט געוואָרען ביים פאַלען פון אויקאַליפּטוס־בוימער. מ'האָט איהם געבראַכט קיין ירושלים אין שפּיטאָל „שערי־צדק", וואו ער איז נאָך אַ דריי־חדשים'דיגער קראַנקהייט געשטאָרבען אין כ"ג תשרי תרע"ז.

# אליעזר פינקעלשטיין.

אליעזר פֿינקעלשטיין איז אין תרס״ז געקומען קיין ארץ ישראל פֿון ווארשאַ. ער האָט געהערט צו די עלטעסטע יודישע שומרים און צו די ערשטע מיטגליעדער פֿון „השומר“.

אין בן־שמן האָט מען פֿאַר פּסח תרע״ז בעמערקט, אַז די אראַבער פֿון דער סביבה טרייבען אָפּט זייערע סטאַדעס אויף די פֿעלדער פֿון דער פֿאַרם, כּדי זיי דאָרט צו פּאַשען. עס איז בעשלאָסען געוואָרען צו פֿערשטאַרקען די וואַך און אַנשטאָט איין פֿעלד־שומר אוועקצושטעלען צוויי, און פֿינקעלשטיין איז אויף אַ פּאָר טעג געקומען פֿון תל־אביב קיין בן־שמן, כּדי צו פֿערטרעטען דאָרט דעם צווייטען שומר. שטעהענדיג ביי נאַכט אויף דער וואַך, האָט פֿינקעלשטיין בעמערקט פֿון דער ווייטענס אַ סטאַדע. ס׳האָט גראָד דעמאָלס געבלאָזען אַ שטאַרקער שטורמווינד און צוליעב דעם שטויב האָט פֿינקעלשטיין ניט געקאָנט דערקענען די פּאַסטוכער. ער האָט זיי גערופֿען און אַלס ענטפֿער האָט מען אויף איהם געשאָסען. ער האָט אויך אויסגעשאָסען און גערופֿען נאָך הילף. צוליעב דעם שטאַרקען שטורם האָט דער צווייטער שומר, וועלכער איז געשטאַנען אויף דער צווייטער זייט פֿון די פֿעלדער, ניט געהערט ניט די שיסעריי און ניט דעם הילף־רוף. אויך אין חעם ווירטשאַפֿטס־הויף האָט מען גאָרניט געהערט. פֿינקעלשטיין איז דאַן אליין געגאַנגען אין הויף, וואו ער איז אַנידערגעפֿאַלען. די וואונד איז ניט געווען קיין געפֿעהרליכע, און ווען עס וואָלט איהם באַלד אויפֿן אָרט געגעבען געוואָרען מעדיצינישע הילף וואָלט פֿינקעלשטיין שנעל ווידער געקאָנט געזונד ווערען. אָבער ער האָט געמוזט בלייבען אליין ליגען אין דער פֿאַרם. ווען פֿינקעלשטיין איז ערשט אין אַ פּאָר טעג אַרום געבראַכט געוואָרען קיין ירושלים אין שפּיטאָל „שערי־צדק“, האָט דער דאָקטאָר קאָנסטאַטירט אַ שווערע בלוט־פֿערגיפֿטונג, פֿון וועלכער ער איז אויך געשטאָרבען אין אָנהויב אייר תרע״ז.

---

# זוהר.

די וואך־בעדינגונגען זענען אין דער מלחמה־צייט געווען זעהר שווערע אין ארץ־ישראל. די אנפאלען פון די שכנות'דיגע אראבער אויף די קאלאניעס האבען זיך איבערגע'חזר'ט כמעט נאכט ביי נאכט. דערביי פלעגען פארקומען העפטיגע קאמפפען צווישען די אראבער און די שומרים, וועלכע האבען זיך העלדיש פערטיידיגט מיט'ן געוועהר אין דער האנד געגען די רויבער. בעת איינעם פון אזעלכע פערטיידיגונגס־קאמפפען אין תמוז תרע"ז איז געפאלען אלס קרבן דער געוועזענער ארבייטער און צייטווייליגער שומר זוהר פון פתח־תקוה, וועלכער איז דורך א קויל אין די קעהל דער'הרג'עט געווארען אויפ'ן ארט.

ד. בן־גוריון.

# פון פתח־תקוה ביז סעדזשערא.

ס'איז געווען מיט צעהן יאהר צוריק — כ'בין אנגעקומען קיין ארץ ישראל און בין גלייך אוועק ארבייטען אין דער מעטראפאליע פון די יודישע קאלאניעס — אין פתח־תקוה.

די בעוועגונג קיין ארץ ־ ישראל האט זיך דאן ווידער בעגונט. אונזער מחנה איז געוואקסען פון וואך צו וואך.

עס זענען אנגעקומען יונגע לייט פון אלע עקען פון רוסלאנד. פון קליינע און גרויסע שטעדט אין פוילען, ליטא, וואהלין, דרום־רוסלאנד; ישיבה־בחורים און גימנאזיסטען. אוועקגעווארפען די ביכער מיט די פלפולים און געקומען אויסלייזען ארץ ישראל דורך דער ארבייט. מיר זענען אלע געווען פריש, מונטער און אונבעריהרט, פול מיט דער ערשטער נאך ניט געבראכענער בעגייסטערונג, זארגלאזע און פרעהליכע. מיר האבען זיך געפיהלט בענייט, ווידער־געבוירען. ווייט, ווייט פון דאנען איבערגעלאזען די שמאלע און שמוציגע געסלעך — און איצט לעבען מיר צווישען גערטנער און פרדסים. אלץ איז אנדערש, די נאטור, דאס לעבען און די ארבייט. אפילו די ביימער זענען דא נייע — ניט ווי די ביימער „דארט“ — דער איילבוים, דער טייטעל־בוים און דער מאנדעל־בוים, דער אויקאליפטוס און בעזונדערס די אראנזשען. און דאס אלץ איז אונזער איינענס, מיר אליין האבען עס געפלאנצט. אוים ביכער און באנק־קוועטשעניש און פוסטע מוח־ארבייט — מיר ארבייטען. ניט נאר ארבייטען — מיר עראבערען; מיר עראבערען בארען, לעבען, אנ'ארץ־ישראל־לעבען — און וואס פעהלט אונז?

פרעהליך פון נצחון זענען מיר געווען. און אין די אווענדען, נאך דעם טאג פון ארבייט אדער פיעבער, פלעגען מיר זיך צוזאמענקומען אין דער ארבייטער־קיך, אדער אויף די זאמדיגע שטעגען צווישען די כרמים און די פרדסים און מיר פלעגען טאנצען. זינגען; האנד אין האנד, אקסעל ביי אקסעל אין קאראהאד.

* * *

אנ'ערך פון א יאהר צייט האב איך געארבייט אין פתח־תקוה און אין די אנדערע קאלאניעס פון יהודה. — מעהר ווי געארבייט האב איך געפיעבערט און געהונגערט. כ'האב זיך מיט אלע דריי גאנץ גוט איינגעלעבט. מיין פיעבער איז געווען זעהר פינקטליך און אקוראט, אלע צוויי וואכען צו 5—4 טעג. איך האב איהם שוין ביי־צייטענס ערווארט און ער האט מיך קיינמאל ניט אבגענארט. אויך מיין הונגער איז געווען א שטילענקער. ביי טאג פלעגט ער מיך גאר צו רוה לאזען נאר ביי נאכט פלעגט ער זיך א מאל צובונטעווען און ניט לאזען איינשלאפען.

אזוי האבען זיך געוועקסעלט ארבייטס־טעג מיט פיעבער. די, וואס האבען ניט געפיעבערט, האבען זיך פשוט געשעהמט פאר דער חברה. ס'טייטש — ארבייטען אין ארץ־ישראל און ניט א פיעבער טהון?

* * *

אזוי זענען אריבער די האניג־חדשים. נאר אז עס האט זיך געהאט אביסעל אויסגעוועבט די ערשטע התלהבות האט זיך פון דער נייער ראהם אנגעהויבען צו בעוויזען א אלט'בילד, א גלות־בילד. די הימלען טאקע נייע — ארץ־ישראל־הימלען; די ערד א נייע—א"י־ערד, אבער די קאלאניסטען—גלות־מענשען מיט גלות־זיטען.

זײ, די הײנטיגע קאָלאָניסטען, זענען אויך װי מיר אַמאָל געקומען אַהער מיט אידעאַלען און גאולה־שטרעבונגען — נאָר זײער נשמה יתרה איז שוין לאַנג אַװעק פֿון זײ. די ערשטע פּיאָנערען זענען געװאָרען מעקלער און קרעמער, װאָס האַנדלען מיט די האָפֿנונגען פֿון פֿאָלק, װאָס פֿערקױפֿען פֿאַר גראָשענס זײערע יוגענד־אידעאַלען. די דאָזיגע קרעמער האָבען פֿערשװעכט די הײליגקײטען פֿון ארץ־ישׂראל דורך דער פֿרעמדער אַרבײט.

מיר זענען געװען אויפֿגעבראַכט אויף די קאָלאָניסטען פֿאַר זײער פֿעררעט נעגען יודישען ישוב, און זײ האָבען אונז פֿײנד געהאַט. מיר זענען געװען פֿאַר זײ װי אַ לעבעדיגער פּראָטעסט, װי אַ פֿאָרװאורף און זײ האָבען אונז געהאַסט און אויסגעלאַכט. אַ תהום איז געלעגען צװישען אונז און זײ.

די אַרבײט אין יהודה האָט מיך אויך ניט אין גאַנצען בעפֿריעדיגט. זי איז געװען צו מעכאַניש און מאָנאָטאָן. ס'האָט זיך געפֿיהלט עפּיס אַ טרוקענקײט אין לעבען און אין הארץ — אַ פּוסטקײט. ס'האָט געמאַהנט עפּיס אַ אונבעפֿריעדיגטער פֿערלאַנג — און איך האָב בעשלאָסען אַװעקצוגעהן קײן גליל, קײן סעדזשערא.

* * *

יהודה און גליל זענען שוין פֿאַרצײטענס געװען צװײ קאָנטראַסטען. די קינדער פֿון טהאָל זענען געװען קולטורעלע, צאַרטערע, בעװעגליכערע און װײך־האַרציגערע — די קינדער פֿון די בערג אין גליל — מוטיגערע, שטאַרקערע און צוגעבונדענע צו זײער באָדען.

און אַ אונטערשיעד איז געבליבען נאָך עד היום צװישען גליל און יהודה סײ בײ די יודען און סײ בײ די אַראַבער. יהודה איז רײכער און קולטורעלער, דער גליל איז פֿעסטער און זעלבסטשטענדיגער. די אַראַבישע פּויערען פֿון יהודה זענען שװאַכער, אונטערטעניגער, זעלטען װער פֿון זײ איז מיט געװעהר בעװאָפֿענט. אַנדערש זענען די פֿעלאַכען פֿון די גליל'ער בערג — מוטיג, רױבעריש, אויפֿגעהאָדעװעט אויף דער שװערד און ביקס.

אויך דאָס יודישע לעבען אין גליל אונטערשײדעט זיך פֿון יודישען לעבען אין יהודה. אין גליל איז ניטאָ קײן „פּריצים“, אײגענטימער פֿון גרויסע פֿאַרמס, װאָס בעשעפֿטיגען אַ סך אַרבײטער. דאָ זענען אויך ניט פֿאַרהאַן קײן פּרדסים און גערטנער, קײן מאַשינען און די גאַנצע פֿלאַנצונגס־קולטור. דערפֿאַר איז אָבער דאָ פֿאַרהאַן: רינד און שאָף, הינער און טויבען, פֿערד און אַקערס, פֿעלדער מיט תבואות. ניט רײך איז די נחלה פֿון דעם גליל'ער קאָלאָניסט, אָבער אָנגעטרונקען מיט זײן שװײס.

* * *

אין יענער צײט איז סעדזשערא געװען די טאָן־געבערין אין גליל.

זי האָט אונזער יונגען ישוב אַ מוסטער געגעבען, אַ מוסטער פֿון אַ דאָרפֿישען, אַרבײטענדען ישוב. דאָ איז געבוירען געװאָרען און צום ערשטען מאָל פֿערװירקליכט געװאָרען די נײע קאָלאָניזאַציע פֿון אַרבײטער־קאָלאָניסטען אין גליל התחתון, דאָ איז געמאַכט געװאָרען די ערשטע פּראָבע פֿאַר קאָאָפּעראַטיװער אַרבײט (די גרופּע האָבען מיר דאַן גערופֿען „קאָלעקטיװ“), דאָ איז געגרינדעט געװאָרען די אַרבײטער־אָרגאַניזאַציע „החורש“, דאָ איז אויך געבוירען געװאָרען דער געדאַנק פֿון יודישער שמירה און דאָ, אויף אײנעם פֿון די נאָהענטע בערגלעך, זענען אויסגעגראָבען געװאָרען די ערשטע קברים פֿאַר די געפֿאַלענע שומרים... בכלל האָט זיך דאָס דאָ־

זיינע יודישע דארף אויסגעצייכענט מעהר פון אלע יודישע קאלאניעס אין לאנד. פון די שעהנע בערג־פאנאראמעס, וואס ארץ־ישראל איז געבענשט מיט זיי, האט סעדזשערא זוכה געווען מעהר פון אלע. די בערג נעמען ארום די קאלאניע און שליסען זי איין פון אלע זייטען. פון ווייטען עבר הירדן פון מזרח־זייט זעהט מען די בערג פון גלעד און בשן, איינגעהילט אין העל־בלויע וואלקענס — ברויזענדע ים־כוואליעס, וואס האבען זיך צום הימעל אויפגעהויבען, זענען פלוצלינג פערגליווערט געווארען און אזוי שטעהן געבליבען... פון מערב־זייט, ביי דער גרעניץ פון דער קאלאניע, ליגען די גרינליכע נצרת־בערג, און צפון הויבט זיך אויף הויך איבער אלע דער אלטער גראהער חרמון־ריעז מיט זיינע שניי־ווייסע לאקען און קוקט שטאלץ אראב אויפן גאנצען גליל, אויפן אונטערשטען און אויבערשטען, און פון דרום־זייט דערהויבט זיך דער שעהנער תבור אין זיין איינזאמקייט, דער אייביגער היטער פון עמק יזרעאל. דאס דארף גופא איז געבויט אויפן רוקען פון א בארג, — די צוויי רייהען הייזער, וואס שטעהען הארט איינע ביי דער צווייטער, ארומגערינגעלט מיט א אויקאליפטוס־וועלדעל און פעפער־ביימער, זעהען אויס פון דער ווייטענס ווי טרעפ פון א לייטער, וואס פיהרט אויפן בארג, און אויבען, אויפן פעלזען־שפיץ, שטעהט די פארם.

אבער ניט בלויז מיט איהר נאטור — אויך מיט איהר ישוב האט זיך סעדזשערא אויסגעצייכענט. איהר בערך קליינע צאהל איינוואוינער איז געווען פיעל־פארביג און האט גערעדט פערשיעדענע שפראכען. צווישען איהרע פינף מנינים קאלאניסטען און ארבייטער זענען געווען יודען פון קורדיסטאן, הויכע, געזונדע, ברייט־פלייציגע יודען, פערגרעבט ווי זייערע שכנים די קורדען, דארע און מאגערע תימנים, מופלגים אין „לשון קודש“ און אין אלטען טראדיציאנעלען לערנען; רוסישע יונגע לייט, ערצויגען אין דער השכלה און אין דער רעוואלוציע, געוועזן אויך ארטיגע אשכנזישע בחורים, וואס האבען פערלאזען די ישיבות פון צפת און פון טבריה און זענען אהערגעקומען צום אקער און פלוג; ספרדישע יונגע לייט, וואס זענען ערצויגען געווארען אין די שולען פון „אליאנס“, אויך „גרים“, רוסישע פויערען פון די ברעגעס פון קאספישען ים, וואס האבען זיך מגייר געווען און גע־קומען בעארבייטען דאס פאטערלאנד פון זייער נייעם גלויבען — און אט דער דאזיגער פיעל־פארביגער עולם האט גערעדט העברעאיש, אראביש, אראמיש (די קורדישע יודען רעדען נאך עד־היום תרגום־לשון) יודיש־אשכנזיש, רוסיש, פראנצויזיש און שפאניאליש. און דאך איז דאס ניט געווען קיין דור הפלגה — א פעסטער בונד האט זיי אלע צוזאמען בעהעפט: די ערד און די ארבייט. אין גאנץ סעדזשערא האט דאן געהערשט די יודישע ארבייט — אין יענער צייט איז זי דערמיט געווען די איינציגע אין לאנד! — עס האבען געארבייט די קאלאניסטען אליין מיט זייערע קינדער. אפילו אין דער פארם, וואס האט געהערט צו דער יק"א, האבען בלויז יודישע ארבייטער געארבייט.

צוויי־ערליי איינוואוינער האט סעדזשערא דעמאלס געהאט. די ארבייטער און די אדמיניסטראציע פון דער פארם אויבען אן אויפן בארג, און די דארפס־לייט, די קאלאניסטען פון אונטען, אויפן רוקען פון בארג, אבער א ברודער־בונד האט זיי אלע צוזאמענגעבונדען. כמעט אלע קאלאניסטען זענען געווען יונג און האבען פריהער געארבייט אין דער פארם, און נאכדעם, ווי זיי האבען זיך קאלאניזירט, האבען זיי ניט אויפגעהערט צו ארבייטען אליין. מיר, די ארבייטער, פלעגען זיך

שטענדיג טרעפֿען מיט זיי אין דער שטוב און אין פֿעלד ביי דער ארבייט. דאָ איז ניט געווען קיין זכר אפילו פון יענעם געוואלדיגען אָבגרונד, וואָס האָט אזוי אָבגעטיילט אין יהודה די קאָלאָניסטען פֿון די ארבייטער. אין די שבתים און ימים־טובים פֿלעגען מיר זיך צוזאמענקומען, מאַכען חגיגה'לעך און הוליען אינאיינעם. און אין פֿעלד פֿלעגען מיר אקערן איינער ביים צווייטען, מיר פֿלעגען איינער דעם צווייטען צוהעלפֿען ווי גוטע ברידער ביי דער ארבייט...

* * *

נאָך פתח־תקוה איז סעדזשערא געווען פֿאַר מיר כמעט דאָס זעלבע, וואָס פתח־תקוה נאָך מיין אָנקומען פֿון גלות. דאָ האָב איך דערשפירט ארץ ישראל. דאָ האָט זיך אָנגעהויבען דאָס ארץ־ישראל־לעבען. די נאַטור, די מענשען און די ארבייט — אלץ איז דאָ אנדערש, ארץ־ישראל'דיגער געווען. ווען איך פֿלעג דערזעהן פֿון דערווייטענס דעם שנייאיגען קאָפּ פֿון חרמון און דעם שפּיץ פֿון תבור צווישען דער קייט פֿון די נצרת־בערג — פֿלעג איך זיך פֿיהלען אזוי היימיש, א סך היימישער ווי אין דעם פֿלאַכען טהאָל פון יהודה. ווען איך פֿלעג ארויף אויפֿן שפּיץ בארג און אויפֿהויבען מיין קאָפּ צו די מזרח־בערג פֿון גלעד — האָב איך געוואוסט, אז אונטען אין טהאָל, וואָס צווישען די בערג, רוהט דער ים־כנרת און עס שלענגעלט זיך דער שטיפֿערישער ירדן. דער ירדן האָט מיך בעפֿריעדיגט מעהר ווי די פתח־תקוה'ער אָדזשע. און די מענשען ארום—יודען, וואָס אקערן, זייהען און שניידען אליין; די פֿרויען ארבייטען אין די הויז־גערטנער, איין קינד פאשעט די גענז אויפֿן שייער, א צווייטס רייט גאלאָפּ אויף א פֿערד אין פֿעלד אריין בעגעגענען דעם טאַטען. ניטאָ קיין קרעמער, קיין מעקלער און קיין פֿרעמדע לוין־ארבייטער, ניטאָ קיין לעדיג־געהערס, וואָס לעבען פֿון פֿרעמדער מיה — אלע יודען און אלע ארבייטען, און דער פֿרישער ריח פֿון תבואה און מיסט טראָגט זיך פֿון זיי — נאַטור־מענשען זענען זיי. אפילו די ארבייטס־מכשירים זענען דאָ אנדערע, ווי אין יהודה, דער אקער, חער פלוג און דאָס געשפאן פֿון די אָקסען זענען מיר עפּיס ליעבער פֿון פיאַש, פֿון שנייד־מעסער. ווי לאנגווייליג, ווי מאָנאָטאָן פֿלעגט צוגעהן דאָס פיאָשירען, וואָס פֿלעגט דעם גוף צוברעכען. דאָרט שטעהסטו דעם גאנצען טאָג איינגעבויגען און דו האקסט די שטיין־האַרטע ליים־ערד מיט'ן פיאָש — און דאָ געהסטו לאנגזאם נאָך דעם אקער, קעהרסט איבער די צואקערטע ערד־הויפֿענס און עפֿענסט איין „תלם" נאָכ'ן צווייטען. און אָט די ערד, וואָס דו אקערסט און זייהסט, וועט באלד בעדעקט ווערען מיט גרינס, פֿאַר דיינע אויגען וועט זי איהר פֿרוכט ארויסגעבען. עס וועלען נאָר אריבער די רעגען־טעג, די תבואה וועט צייטיג ווערען—וועסטו ארויס שניידען די תבואה און זי פֿיהרען אין שייער אריין... דו זעהסט און פֿיהלסט די פֿרוכט פֿון דיין ארבייט, האָסט הנאה און פֿרעהסט זיך מיט איהר.

* * *

אָבער אויך דאָ איז די ריינקייט פֿון אונזער אידעאל בעפֿלעקט געוואָרען. עס האָט זיך ענטפלעקט א נייע פגימה אין אונזער לעבען. דער באָדען פֿון דאָרף איז טאקע בעארבייט געוואָרען בלויז דורך יודען, די שומרים זענען אבער געווען פֿרעמדע. אין יהודה האָבען מיר די פֿרעמדע וואָך כמעט גאָרניט געפֿיהלט, מיר האָבען דאָרט בכלל כמעט די וואָך ניט געפֿיהלט. גרויס זענען די קאָלאָניעס אין יהודה און די געגענד ארום איז שטיל. קיין געוועהר איז דאָרט אין די אראבישע דערפֿער

כמעט ניטאָ. די מוֹרא פֿאַר דער רעגירונג איז גענוג גרויס, כּדי ס'זאָל ניט געשטערט ווערען די געזעלשאַפֿטליכע זיכערקייט. אַנדערש איז אָבער אין גליל, צווישען די בערג. די קאָלאָניעס זענען יונגע, קליינע, די געגענד — ווילד און די אַרומיגע שכנים — ניטאָ קיין איינער פֿון זיי, וואָס זאָל ניט פֿערמאָגען אַ ביקס. „און די היילען פֿון די בערג און די פֿעלזען־שפּאַלטען — זיי זענען אַ שוץ פֿאַר יעדען, וואָס דורשט נאָך נקמה, און פֿאַר יעדען העלד פֿון זיין פֿאָלק". גנבות און אָנפֿאַלען קומען פֿאָר זעהר אָפֿט, און די רעגירונג איז ניט בכּח דאָס איינצוהאַלטען.

אין אַזאַ סביבה ליגט דער גוֹרל פֿון דער קאָלאָניע, איהר פֿריעדען און איהר זיכערקייט, אינגאַנצען אין די הענד פֿון איהרע שוֹמרים. אין די קאָלאָניעס פֿון יהודה ווערט די פֿרעמדע שמירה איינגעשלונגען אין דער פֿרעמדער אַרבייט און קיינער בעמערקט זי ניט. ניט אַזוֹי איז אָבער דאָ, אין סעדזשערא. דאָ, וואו די אַרבייט איז אינגאַנצען אונזער, דאָ, אין דעם נעסט פֿון דער יודישער יוגענד, פֿון דער יודישער אַרבייט — צי דען וועלען מיר אויך דאָ זיין אין גלוּת?... וועלען מיר אויך דאָ פֿרעמדע דינגען, זיי זאָלען היטען אונזער האָב־און־גוטס, זיי זאָלען אונז בעשיצען?... האָבען מיר אָנגעהויבען איינ'טענה'ן מיט דער אַדמיניסטראַציע און מיט די קאָלאָניסטען, אַז זיי זאָלען אַוועקשטעלען יודישע שוֹמרים — אָבער זיי האָבען אונז בעטראַכט אַלס פֿאַנטאַזיאָרען און בעלי־חלוֹמוֹת אָדער גאָר אַלס קינדער. „יודישע שוֹמרים — און די סכּנה וואָס איז פֿערבונדען דערמיט?" זיי האָבען דאַן ניט געגלויבט, אַז מיר מיינען עס ערנסט מיט אונזער פֿאָדערונג. ווי פֿאַלט אונז טאַקע באמת איין, איינצושטעלען יונגע פֿרישע לעבענס צוליעב וועלכען עס איז אַבסטראַקטען פּרינציפּ! און צי וועלען זיך געפֿינען גענוג מענשען, וואָס וועלען זיך אָבגעבען דערצו, און צי איז דאָס בכלל ניט אַ גרויסע סכּנה פֿאַר דער קאָלאָניע? — די פֿריהערדיגע אַראַבישע שוֹמרים וועלען דאָך געוויס ניט שווייגען און זיי וועלען אָנפֿאַלען און ראַבעווען. ס'וועט קומען צו בלוּט־פֿערגיסונג, און דער כּעס וועט אויסגעהן צו דער קאָלאָניע. מיר זענען דאָ ווייניג און שוואַך, פֿון אַלע זייטען אַרומגערינגעלט פֿון פֿרעמדע און פֿון פֿיינד. איז חען מעגליך אין אַזאַ צושטאַנד עמיצען צו פֿערטשעפּען? מיר האָבען געמאָהנט אונזער נאַציאָנאַלע עהרע, דעם כּבוֹד פֿון אונזחער אַרבייט. צי וועלען דען אויך דאָ אונזער לעבען און עהרע אָבהענגיג זיין פֿון פֿרעמדע? — אָבער עס האָבען ניט געהאָלפֿען ניט אונזערע טענוֹת און ניט די פּראָטעסטען. „גרינג איז אייך צו רייטען אויף פּרינציפּען — פֿלעגען אונז דערויף ענטפֿערן די קאָלאָניסטען — היינט זענט איהר דאָ, מאָרגען געהט איהר אַוועק. וועט טרעפֿען אַ אומגליק, וועט איהר זיך אָבטראָגען פֿון דאַנען. מיר אָבער זענען פֿערבונדען מיט דער קאָלאָניע, מיר לעבען אין איהר — און די צרוֹת וועלען קומען אויף אונז. מיר האָבען געפּריבט ווירקען אויפֿן אַדמיניסטראַטאָר. ער פֿלעגט זיך צו אונז בעציהען מיט צוטרוי און הגם ער איז געווען אַ אַדמיניסטראַטאָר פֿון יק"א און איז פֿריהער ווייט געווען פֿון אונזער געדאַנקען־וועלט, — איז ער דאָך ביסלעכווייז בעאיינפֿלוּסט געוואָרען פֿון אונז און האָט אָנגעהויבען צו קוקען אויף די בעדייטונג פֿון ישוּב און פֿון אונזער נאַציאָנאַלער אַרבייט אין ארץ־ישראל כּמעט מיט דעם זעלבען בליק וואָס מיר. אין פּרינציפּ האָט ער מוֹדה געווען, אַז מיר זענען גערעכט, עס האָט איהם אָבער געפֿעהלט די דרייסטקייט דורכצופֿיהרען דעם פּרינציפּ אין לעבען.

די שוֹמרים פֿון דער קאָלאָניע זענען דאַן געווען טשערקעסען, אונזערע

שכנים פֿון כפר־כמא. די טשערקעסען פֿארנעמען א בעזונדערען פלאץ צווישען דער בעפֿעלקערונג אין פאלעסטינא. די טערקישע רעגירונג בעציהט זיך אלע מאל פריינדליך צו די טשערקעסען, וועלכע זי האט איינגעלאדען צו קומען פון קאווקאז און בולגאריען, כדי זיך צו בעזעצען דא אין לאנד. זייערע שייכען בעקומען הויכע מיליטערישע פאסטענס און זיי האבען א גרויסע מאכט אין חער ארטיגער פֿער־וואלטונג. זייער יחוס שטיצט זיך אבער ניט בלויז אויף די סימפאטיעס פֿון דער רעגירונג, נאר אויך אויף זייערע זעלטענע פֿעהיגקייטען. די טשערקעסען פֿערמאגען א סך מוט און העלדישקייט און א גרויסע ארבייטס־לוסט, דערצו נאך איז זייער עקאנאמישע לאגע גוט און זיכער. זיי זענען זעהר קאמפפֿס־פֿעהיג און זייער נאמען קלינגט איבער'ן גאנצען לאנד. קיין שום פֿעלאך, קיין שום בעדואינער האט ניט די העזה צו פֿערטשעפּען א טשערקעס. „פֿיש אכבר מן טשרקס!“ — „ניטא עפּיס גרעסערס פֿון טשערקעס“ — זאגט דער פֿעלאך.

זייער הויפט־וואוין־ארט איז אין עבר הירדן, אין דער געגענד פֿון קניטרה, און אין גליל התחתון. צווישען סעדזשערא און יעמא האבען זיי א גרויס דארף מיט'ן נאמען „כפר־כמא“. מיט די ארומיגע יודישע קאלאניעס לעבען זיי בשלום — צו יענער צייט איז די גאנצע וואך פֿון די גליל'ער קאלאניעס געלעגען אין זייערע הענד. זיי האבען אויך געהיטען די פֿארם, דעם וואלד און די פֿעלדער פֿון סעדזשערא. דער אדמיניסטראטאר האט ניט געוואגט אנצושטעלען יודישע שומרים.

* * *

עס איז אונז קלאר געווארען, אז מיט אמאל וועלען מיר ניט איינעמען די דאזיגע פֿעסטונג פֿון פֿרעמדער וואך. מ'דארף לאנגזאם, טריט ביי טריט, פֿיהרען א קאמפף פֿאר יעדען פאסטען בעזונדער. מיר האבען בעשלאסען אנצוהויבען טאקע פֿון דער פֿארם. אין משך פֿון א פאר נעכט האבען מיר געזעהען, אז דער וועכטער קומט ניט צו זיין פאסטען. ער לאזט, היינסט עס, דער „נאמען“ אליין זאל היטען. אזוי זענען זיך נוהג די אראבישע שומרים, וואס זענען בערימט מיט זייער גבורה און מיט זייערע רויבערייען — אלס שומרים נעמט מען שטענדיג די גרעסטע און בערימטעסטע רויבער און מערדער, וועלכע זענען בעוואוסט אין דער געגענד. מ'איז חערביי זיכער, אז שוין די ידיעה אליין, אז ער האט איבערגענומען די וואך, היט אב פֿון גנבות. און אויב עס מאכט זיך אפילו א גנבה, קאנען זיי זי לייכט ענט־דעקען א דאנק זייער פֿיעלזייטיגער בעקאנטשאפֿט און זי אומקעהרען דעם בעל־הבית, פֿערשטעהט זיך, פֿאר א גוטען באקשיש'ל פֿון זיין זייט. די שומרים זענען פֿעראנטווארטליך פֿאר דער גנבה, דאך נעמען זיי א גאנץ גרויסע סומע געלד ביים בעל־הבית פֿאר'ן ארויסגעבען זי, דערביי געבען זיי אן אלס א תירוץ, אז זיי נעמען דאס געלד, ווייל זיי דארפֿען דעם גנב בעצאהלען א „פרייז“ פֿאר דער צוריקגעגע־בענער גנבה. דאס רוב ברענגען זיי אליין צו א גנבה, כדי דערפֿון שפעטער צו פֿער־דינען. אזוי האט זיך אויך געפֿיהרט אונזער טשערקעס. אנשטאט ארומצוגעהן א גאנצע נאכט הינטער דער וואנד אין דער פֿינסטער, איז ער בעסער אוועק צום אראבישען דארף סעדזשערא פֿערברענגען צווישען חברים־שכורים. מיר האבען אויפֿמערקזאם געמאכט דעם אדמיניסטראטאר דערויף, ווי אונגעטריי דער טשערקעס איז, און ווי פֿאלש און שעדליך עס איז פֿאר אונז דאס דאזיגע סיסטעם פֿון דער וואך. ער האט אונז אויפֿמערקזאם אויסגעהערט. מיר האבען בעשלאסען איהם איבערצוצייגען אין דער זאך מיט פֿאקטען. איינמאל אין א פֿינסטערער נאכט האט

מיען ארויסגע'גנב'עט די בעסטע פרדה פון פארם. מיר האבען תיכף מודיע געווען דעם אדמיניסטראטאר וועגען דער גנבה. ער איז באלד געלאפען אין שטאל אריין — די פרדה איז ניטא. ער האט א פייף געטהון, אז דער שומר זאל קומען, איין פייף, א צווייטען, א דריטען — קיינער קומט ניט צו געהן. ער איז ארויס אין דרויסען, ארומגעגאנגען די מויער — אפשר איז ער איינגעשלאפען, דער טשערקעס — קיינער איז ניטא. האט ער באלד געשיקט אין אראבישען דארף זוכען דעם טשערקעס. דארט האט מען איהם טאקע געפונען שלאפענדיג. דער אדמיניסטרא־טאר האט איהם אבגעזאגט און אויף זיין ארט איבערגעגעבען די וואך צו צ. ב., איינעם פון אונזערע חברים.

די ערשטע פעסטונג איז איינגענומען.

* * *

מיר האבען געוואוסט, אז דער טשערקעס וועט ניט שווייגען. און טאקע אין א פאר נעכט ארום, ווען דער אדמיניסטראטאר איז אויפגעשטאנען אין חער פריה, האט ער דערזעהען, אז די שויבען ביי איהם אין הויז זענען צובראכען, און אז אין דער וואנד פון זיין צימער שטעקען מארטין־קוילען, הגם ביידע שומרים, וואס האבען דאן געהיטען, האבען קיין שאס ניט געהערט. די נאכט איז געווען א פינסטערע, דרויסען האט געבושעוועט א שטארקער שטורם און א שלאגס־רעגען האט געגאס־סען, און דער קנאל פון די שיעסעריי איז פערשלונגען געווארען אין דער שטורמי־שער נאכט. די אנפאלער האבען דאס געטהון, כדי איבערצושרעקען די יודישע שומרים. ביז דעמאלס פלעגען די אראבער אנרופען די יודען מיט'ן צונאמען „ולד־איל־מית" — „קינדער פון טויט", ציטערדיגע, הייסט עס, פחדנים און וויך־הער־ציגע. און זיי האבען דאן רעכט געהאט. די יודען, וועלכע די אראבער האבען דאן געקענט און געזעהען פאר זיך, זענען טאקע באמת ראוי געווען צו טראגען דעם דאזיגען צונאמען. און אט האבען אויך דאס מאל די אנפאלער געמיינט, אז זיי האבען עס צו טהון מיט די „ולד־איל־מית", און אז מ'דארף נאר א פאר מאל איבערשרעקען די נייע שומרים, און זיי וועלען אליין אוועק פון דער וואך.

דאס מאל האבען זיי אבער א טעות געהאט. באלד נאך יענער נאכט האבען מיר זיך גוט ארגאניזירט פאר דער וואך. א חוץ דעם שטענדיגען שומר און דעם חבר וואס מ'האט איהם פריחער צוגעגעבען, וועלכע האבען געדארפט היטען די פארם ווי געוועהנליך, האבען מיר בעשלאסען איינצוארדנען א וואך פון אלע ארבייטער צו פאר־ווייז. אלע צוויי שעה א נייע פאר'ל, אזוי פון אנהויב אווענד ביז פארטאגס. דאס איז געווען ווינטער־צייט און א שרעקליכער שטורם, וואס ס'איז שוין לאנג זיין גלייכען ניט געווען, האט געברויזט א גאנצע וואך איבער'ן גאנ־צען לאנד. ביי אונז אין סעדזשערא האט דערצו נאך געגאסען א גרויסער רעגען. ס'איז געווען אזוי פינסטער, אז מ'האט גארניט געזעהען וואס עס טהוט זיך ארום אונז. ווען איך בין מיט מיין בעגלייטער ארויס צו דער וואך, האבען מיר זיך געמוזט האלטען ביי די הענד. די ביימער, די פעלזען, די הייזער — אלץ איז פערזונקען אין דער שווארצער נאכט־פינסטערניש. אפילו רעדען איינער צום צווייטען האבען מיר ניט געקאנט — אונזער קול איז פערשוואונדען אין שטורם, וועלכער האט א גאנצע נאכט ניט אויפגעהערט צו וואיען. עס האט אויסגעזעהען, אז אויך די נאטור האט זיך פעראייניגט מיט אונזערע שונאים און וויל אונז אויספרו־בען... אנ'ערד פון צוויי וואכען האט געדויערט, ביז די אנפאלער האבען אויפ־

געהערט. די אראבער האָבען דערזעהען, אַז דערמיט וועלען זיי אונז ניט איבערשרעקען און אונז פֿון דער וואַך ניט דערוויטערן — און זיי האָבען זיך צוריקגעצויגען.

פֿון דעם ערשטען נסיון זענען מיר אַרויס מיט אַ נצחון...

* * *

אַ גוטען, נוצליכען מוסר=השכל האָבען מיר אַרויסגעטראָגען פֿון דעם ערשטען נסיון. מיר האָבען איינגעזעהען, אַז אַ יודישער שומר אַליין איז נאָך ניט גענוג. אויב די איבעריגע ארבייטער פֿון דער קאָלאָניע וועלען ניט זיין פֿעהיג און גרייט צו יעדער צייט פֿון געפֿאַהר צו העלפֿען דעם שומר, האָט די גאַנצע וואַך קיין זין ניט, וויל זי וועט קיין קיום ניט האָבען. דער יודישער שומר קאָן זיך ניט פֿערלאָזען בלויז אויף זיין „נאָמען“. ער מוז טאַקע נאַכט=ביי=נאַכט אַרויסגעהן צו דער וואַך און ניט צולאָזען דעם שונא. און כדי דאָס דורכצופֿיהרען ניט נאָר געטריי, נאָר אויך מיט ערפֿאָלג איז נויטיג אַ שטענדיגער רעזערוו, וועלכער זאָל אַרויסהעלפֿען דעם שומר אין דעם נויטיגען מאָמענט. דערצו מוז מען האָבען צוויי זאַכען: פּאַסענדע מענשען און גוט געוועהר.

מיר זענען געוועזען גרייט, אָבער געוועהר האָט געפֿעהלט, בלויז אַ פּאָר פֿון אונז האָבען געהאַט רעוואָלווערען. האָבען מיר בעשלאָסען צו פֿאָדערן פֿון דער אַדמיניסטראַציע, אַז זי זאָל אונז געבען געוועהר. דער אַדמיניסטראַטאָר האָט איינגעוויליגט אויף אונזער פֿאָדערונג, אַ ספּעציעלער וואָגען איז געשיקט געוואָרען קיין חיפה צו ברענגען ביקסען. מיט וואָס פֿאַר אַ אומגעדולד האָבען מיר געוואַרט אויפֿן וואָגען! טאָג און נאַכט האָבען מיר געקרעכט נאָר וועגען איין זאַך — וועגען געוועהר, און דער טאָג, ווען דער וואָגען איז געקומען פֿון חיפה, איז געוועזען פֿאַר אונז אַ גרויסער יום=טוב. די געבראַכטע ביקסען זענען געוועזען זעהר איינפֿאַכע, וואָלוועלע אַראַבישע דזשיפֿטען, צוויי=רעהריגע יעגער=ביקסען. ביי דער אַדמיניסטראַציע זענען אפילו געוועזען גוטע מאַרטינען, זי האָט אונז אָבער נאָך ניט אָנפֿערטרויט אַזאַ „געפֿעהרליך“ געוועהר — אַ קליינינקייט, אַ מאַרטין... נאָר פֿאַר אונז זענען דאָן אויך די דזשיפֿטען געווען גוט געווען. ווי קליינע קינדער האָבען מיר זיך געשפּיעלט מיט זיי און די גאַנצע צייט זיי פֿון דער האַנד ניט אַרויסגעלאָזען. גאָר אָהן חשק זענען מיר צומאָרגענס געגאַנגען צו דער ארבייט — שיידען זיך אויף אַ גאַנצען טאָג פֿון די ביקסען! ווי נאָר מיר זענען אַהיימגעקומען און די פּרדות אויסגעשפּאַנט, האָבען מיר זיך ווידער גענומען צו אונזערע ביקסען און זיי ניט אָבגעלאָזען ביז מיר זענען איינגעשלאָפֿען.

מיר האָבען געגעסען מיט דער ביקס, געשפּאַצירט און געשמועסט, געלעזען און געוואַשען זיך — אַלץ מיט דער ביקס אין דער האַנד אָדער אויף דער פּלייצע. דאָס גרויסע צימער פֿון כאַן, וואו ס'האָבען געוואוינט דאָס רוב אַרבייטער, איז פּלוצלינג פֿערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ רויבער=נעסט. ווער עס איז אַריין אַהין ביי נאַכט פֿאַר'ן שלאָף, האָט פֿאַר זיך געזעהען אַ צוויי מנינים בחורים זיצענדיג אויפֿן בעט, יעדערער האַלט אַ ביקס אין האַנד, איינער רייניגט זי, אַ צווייטער פּרובט אויס ווי זי שיעסט, אַ דריטער פּיעלט זי אָן מיט קוילען, מ'פֿערגלייכט די ביקסען איינע מיט דער ווייטער, מ'רעכענט אויס זייערע מעלות און חסרונות, מ'הענגט זיי אויף אויף די וואַנד און מ'נעמט ווידער אַראָב, מ'טהוט זיי אָן אויפֿן אַקסעל און מ'טהוט זיי אויס און אַזוי ביז צום שלאָף.

* * *

די פֿארם, ד. ה. איהר וואַד, איז אריבער צו אונז, איצט האָבען מיר זיך א נעם געטהון צו דער קאָלאָניע. און דאָ איז דער צופֿאַל אליין אונז געקומען צו הילף. ביי איינעם פֿון די חברים פֿון קאָלאָניע=ועד,ביים קאָלאָניסט י., האָט מען אמאָל אין א נאַכט צוגעג'גנב'עט די פֿערד. דער קאלאניסט האָט באלד דערשפּירט די גנבה און איז ארויסגעלאָפֿען אויף די גאס. דאָ האָט ער בעגעגענט דעם שומר, געהענדיג פֿון פֿעלד. ער האָט באלד פֿערשטאנען, אז ער האָט עס די פֿערד געג'גנב'עט. מיר האָבען בעשלאָסען צו שמיעדען דאָס אייזען, כל זמן עס גליהט... האָבען מיר זיך תיכף געווענדעט צום קאָלאָניע=ועד מיט א פֿאָרשלאג, ער זאָל אנשטעלען יודישע שומרים. דאָס מאל האָבען זיי שוין ניט געוואגט אונז צו שרעקען מיט זייערע אמאָליגע טענות און אונז נאָכגעגעבען. אונזער נצחון אין דער פֿארם האָט אפילו די ערנסטע פֿון זיי די מיילער פֿערשטאָפּט.

סעדזשערא איז געווען די ערשטע קאָלאָניע, וואָס האָט אנגעשטעלט יודישע שומרים.

* * *

נאָכדעם ווי מיר האָבען שוין געהאט איינגענומען די וואַד אין דער פֿארם און אין דער קאָלאָניע, איז שוין ניט זעהר שווער אנגעקומען צוצוברעכען די שטארקסטע און געפֿעהרליכסטע פֿעסטונג — די „רביעה“, די נאַכט=פּאשע.

די „רביעה“ הויבט זיך אָן אין דער צווייטער העלפֿט פֿון די רעגען=טעג, אין שבט—אדר. די פֿערד און די פּרדות ווערען דאַן נאָך דער ארבייט ניט געפֿיהרט אין שטאל אריין, נאָר מ'נעמט צוזאמען אויפֿן שיזער די גאנצע סטאדע, די אָקסען, פּרדות, פֿערד און עזלען און פֿון דארט פֿיהרט מען זיי צו דער פּאשע. די נאַכט=פּאשע איז ניט גלייך צו דער פּאשע בייטאָג. ניט איין פּאסטוך און ניט צוויי פּאשען די סטאדע ביינאַכט. דאָ, צווישען די בערג, טאָר מען די סטאדע ניט אנפֿערטרויען דער פֿינסטערער נאַכט. א גרופּע גוט בעוואַפֿענטע רייטער און פּוס=געהער געהען מיט איהר מיט. זיי צושפּרייטען זיך איבער'ן טהאָל און הערען זיך גוט איין צו יעדען שאָרך אין דער לופֿט, גרייט אָבצוּווענטפֿערן צו יעדער צייט א ניט=גערופֿענעם גאסט...

א סך שווערער און געפֿעהרליכער פֿון דער קאָלאָניע=וואַד איז די וואַד פֿון דער סטאדע אין וואלד. אין דער קאָלאָניע האָט דער שומר שטענדיג געטריישע מיטהעלפֿער: אייזערנע שלעסער אין די שטאלען און א שטיינערנע מויער ארום די הייזער. א פֿרעמדער וועט ניט וואגען אריינצוגעהן אהין נאָכ'ן זון=אונטערגאנג. אלץ איז פֿערשלאָסען און פֿעררינגעלט. דערהערט ער א שאָרך פֿון דערווייטענס, שיעסט ער אויס אָדער גיט א סיגנאל מיט זיין פֿייפֿעל—און די גאנצע קאָלאָניע איז מיט איהם. אָבער די פּאשע איז ווייט פֿון דאָרף. דער וועג איז א אָפֿענער, ניטאָ קיין מויער און קיין שלעסער. פֿריי, אָהן א צוים, געהען ארום די פֿערד און לאָזען זיך טיעף אין וואלד אריין — א גוטע געלעגענהייט פֿאַר די רויבער=באנדעס אויסצופֿיהרען זייער ארבייט. דאָ זענען פֿאַרהאַן א סך שמאָלע שטעגעלעך, וואָס פֿיהרען ערגיץ ווייט, אין בעהעלטעניש צווישען די בערג, און ס'איז זעהר גרינג דאָ צו רויבען און צו אנטלויפֿען אינאיינעם מיט דעם רויב, אז מ'זאָל ניט וויסען, וואו זיי זענען אהינגעקומען.

אריינדרינגען אויך אהערצו, אין די „רביעה“ — דאָס איז געווען די דריטע ארבייט אין יענעם ווינטער.

נאָכדעם ווי מיר האָבן דורכגעפֿירט די וואַל אין דער פֿאָרם און אין דער קאָלאָניע, איז אונז אויך דאָס גרינג אָנגעקומען. און ווען ס'איז געקומען די צייט פֿון „רביעה“, איז אונז געלונגען אויסצופּועל'ן, אַז מ'זאָל אויך אַ פּאָר פֿון אונזערע אַריינגענומען צווישן די שומרים־פּאַסטוכער. איבערגעגעבן אונז די גאַנצע פּאַשע מיט איין מאָל — האָבן דער אַדמיניסטראַטאָר און דער קאָלאָניע־וועד געהאַלטן פֿאַר אַ צו גרויסע געפֿאַהר.

און די „רביעה“ האָט דער יודישער וואַד געבראַכט דעם ערשטן בלוטיגן צוזאַמענשטויס. צום גליק איז עס צו קיין טויט־פֿאַל ניט געקומען.

* * *

צווישן די יודישע פּאַסטוכער איז אויך געווען בערעל שוויגער, וועלכער איז מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק געקומען קיין סעדזשערא. פֿאַר דער קורצער צייט האָט ער צו זיך צוגעצויגן די חברים. ער האָט אויך געוואונען דעם צוטרוי פֿון דעם אַדמיניסטראַטאָר און ער האָט איהם איבערגעגעבן אַזאַ שווערע און פֿעראַנטוואָרטליכע אַרבייט. ווי פֿריהער אין דער וואַד, אַזוי אויך דאָ, אין דער „רביעה“, זענען די טשערקעסן ביז איצט געווען די איינציגע הערשער און זיי האָט טאַקע שטאַרק פֿערדראָסן, למאי די יודען הויבן אויך אָן איבערצונעמען די „רביעה“. זיי האָבן דערין געפֿונען אַ פֿעלוידיגונג, אַ בעליידיגונג פֿאַר זייער שטאָלץ און ווירדע. — אַט די „ולד־אל־מית“ וועלען דאָך אַרויסגעהן אינאיינעם מיט זיי, מיט די העלדען טשערקעסן, צו היטער פּאַשע בינאַכט? מעהר פֿון אַלע האָט ניט געקאָנט אַריבער־טראָגען דער יונגער חסן, דער זוהן פֿון טשערקעסישען שייך, למאי נעמט דערין אויך אָנטייל בערעל שוויגער, וועלכער איז נאָך דעמאָלס זעהר יונג געווען, כמעט אַ יונגעל. פֿריהער האָט ער זיך פֿאַרגעשטעלט, אַז בערעלע וועט גיך מיעד ווערען און וועט ניט לאַנג אויסהאַלטען ביי דער שווערער אַרבייט. אָבער נעכט נאָך נעכט זענען אַריבער און בערעלע איז געבליבען געטריי און העלדיש ביי זיין אַרבייט, ווי אַ אַלטער פּאַסטוך פֿון לאַנגע, לאַנגע יאָהרען. דאַן האָט חסן זיך אָנגעהויבען צו רייצען מיט איהם, אָבשפּאָטען און בעליידיגען איהם. בערעל האָט אָבער פֿיינד געהאַט צו פֿערשווייגען. אויף יעדער זאַך פֿלעגט ער איהם ענטפֿערן מיט שאַרפֿע שטעכווערטלעך כּדבעי. ביז איינמאָל האָט זיך חסן שוין ניט געקאָנט מעהר איינהאַלטען און האָט אויף איהם אַ געשריי געטהון: ילען דינך! — די גרעסטע בעליידיגענדיגסטע קללה וואָס דער אַראַבער פֿערמאָגט: „אַ קללה אויף דיין גלויבען!“ בערעלע האָט גאָרניט געענטפֿערט, ער האָט נאָר אויפֿגעהויבען זיין נאַגייקע און זי גלייך אַראָבגעלאָזט אויפֿן פּנים פֿון טשערקעס. חסן איז ערשטוינט געוואָרען פֿון דעם יוד'ס חוצפה — אַ „ולד איל מית“ זאָל האָבען די העזה אויפצוהויבען אַ האַנד אויף איהם, אויף דעם זוהן פֿון שייך פֿון די טשערקעסען! אַ אָנגעצונדענער איז ער בעהעלען בעפֿאַלען, באַלד האָט ער אָבער דערפֿיהלט, ווי צוויי אייזערנע צוואַנגען האַלטען איהם די הענד — בערעלע האָט אַרומגענומען דעם טשערקעס, האָט איהם אַ שליידער געטהון אויף די ערד און פֿון איהם לאַנג ניט אַראָבגענומען די נאַגייקע. בערעלע האָט אויך געכאַפּט קלעפּ, ער איז אָבער געשטאַנען און חסן איז געלעגען אויף דער ערד. לאַנג האָט איהם בערעלע געשלאָגען מיט דער נאַגייקע, ביז חסן איז געבליבען אָהנמעכטיג און די נאַגייקע איז פֿון זיינע הענד אַרויסגעפֿאַלען. ער האָט נאָר אַ פֿייף געטהון נאָך הילף און איז געבליבען אין חלשות. ער איז געלעגען אַ צובלוטיגטער.

עלי, חסנ'ס געטרייעסטער חבר, איז באלד געקומען צו הילף און דערזעהענדיג זיין חבר אין בלוט האט זיך אין איהם אנגעצונדען א פייער פון קנאה און ער איז געשווינד צוגעלאפען צו בערעלען. נאר בערעל האט איהם באלד זיין ביקס אקעגענגעשטעלט:

— אנדאס! — שטעה! ניט פון ארט! און די גאנצע נאכט איז עלי געשטאנען נעבען זיין פערבלוטיגטען חבר און האט זיך ניט געוואגט צו ריהרען פון ארט, און אנטקעגען איהם איז געשטאנען בערעלע, אויך א פערבלוטיגטער, אין דער האנד די ביקס אנגעשטעלט...

ווען מיר זענען בעגינען אויפגעשטאנען צו דער ארבייט און געווארט אויף די סטאדע, זענען מיר פלוצלינג איבערראשט געווארען, ס'איז אריין בערעלע. מיר האבען איהם כמעט ניט דערקענט — אזוי פערבלוטיגט זענען געוועזען זיין פנים און די קליידער. נאך איהם האבען די טשערקעסען געטראגען חסנ'ען אויף די הענד...

דער אדמיניסטראטאר האט דערזעהען דעם צובלוטיגטען חסנ'ען און איז פערציטערט געווארען, — וואס האט איהר געטהון? די טשערקעסען וועלען זיך דאך נוקם זיין אן אונז — האט ער שטיל געשעפטשעט, בלאס ווי דער טויט. מיר זענען געשטאנען ארום בערעלע'ן און האבען גארניט געענטפערט. דער אדמיניסטראטאר האט געווארפען א בליק אויף די ארבייטער — אין די מוטיגע, ענטשלאסענע בליקען האט ער געפונען א דייטליכען ענטפער... און ער האט זיך בערוהיגט.

די טשערקעסען האבען זיך ניט נוקם געוועזען. פערקעהרט, פון דעמאלס אן האבען זיי אונז אנגעהויבען צו אכטען, צווישען זיך פלעגען זיי איינער דעם צווייטען זאגען: דאס זענען שוין ניט קיין „ולד=איל=מית“ — דאס זענען „מאסקאבעס“.

די וואך אין סעדזשערא האט זיך בעפעסטיגט און האט אבגעהאלטען א פאלשטענדיגען נצחון. שפעטער האבען סעדזשערא נאכגעטהון אויך מסחה און יעמא — זיי האבען אויך איינגעפיהרט א יודישע וואך.

* * *

... און סעדזשערא, וועלכע האט די ערשטע איינגעפיהרט די יודישע וואך האט אויך געבראכט די ערשטע קרבנות.

דאס איז געוועזען אין א יאהר ארום, אין פסח תרס"ט. חעם גאנצען ווינטער האט זיך אין דער לופט פון סעדזשערא געפיהלט דער ריח פון פולווער. צווישען אונז און די איינוואוינער פון כפר=כמא זענען פארגעקומען קאנפליקטען צוליעב די גרעניצען אויפן בארען פון אום=גבל. עטליכע מאל זענען זיי ארוים אקערן אונזער באחען, און מיר האבען זיי מיט כח פערטריבען. די זבאח, וואס לאגערען אין סעדזשערער וואלד, אויך זיי זענען ניט געוועזען רוהיג — רעגירונגס=סאלדאטען האבען דערשאסען זייער שייך חמרי. אין דער אראבישער סעדזשערא זענען אויסגעבראכען קריעגערייען צווישען די אראבער און די קורדישע יודען, וואס וואוינען דארט. די פעלאחען אין לוביא זענען אויך חוצפה'דיגער געווארען און זיי פלעגען פערטשעפען יעדען דורכגעהער, וואס איז נעגאנגען פון סעדזשערא קיין טבריה. דאס איז געוועזען אין ווינטער נאך דער יונג=טערקישער חעוואלוציע, און די אונוויסענדע אראבער האבען די „חוריה“ (פרייהייט) פערשטאנען אויף א גאנץ אייגענארטיגען אופן — עס האט געהייסען, אז פון היינט אן און ווייטער האט מען דאס רעכט צו טהון, וואס מ'וויל, לית דין ולית דין. די רעגירונג טאר זיך ניט מישען אין קיין שום זאך. און דערפאר האבען זיך אזוי פערמעהרט די רויבערייען, גנבות און אנפאלען

אין דער גאנצער ארומיגער געגענד.

ס'איז דאן געוועזן דער בליהונגס-פעריאד פון סעדזשערא. אין דער פארם האבען געארבייט א היבש ביסעל ארבייטער, די בעסטע פון גליל. דא איז געוועזן דער צענטר פון דער וואד, פון „החורש“ (אקערבוי-ארבייטער-ארגאניזאציע) און אלע ארבייטער-חגיגות און פערזאמלונגען פלעגען דא פארקומען. און הגם די שטימונג, צוליעב דער אונרוהיגקייט און די אפטע סכסוכים און אנפאלען פון די ארומיגע שכנים, איז דאן געוועזן א ביסעל געדריקט און טרויעריג — האבען מיר פונדעסטוועגען בעשלאסען צו פייערן דעם סדר פונקט ווי פאר-א יאהרען.

עס זענען זיך צוזאמענגעקומען אלע גליל'ער ארבייטער און אויך א היבש ביסעל געסט פון יהודה, דאס רוב פארטיי-חברים. זיי זענען געקומען צו דער פערזאמלונג פון דער גליל'ער פועלי-ציון-ארגאניזאציע, וואס האט געראפט פסח אבגעהאלטען ווערען אין סעדזשערא.

די חגיגה איז פארגעקומען אין אויבערשטען „כאן“, אין דער פארם. דער גרויסער ארבייטער-צימער איז געוועזן דעקארירט אויפן סעדזשערער שטייגער: געדיכטע אויקאליפטוס און פעפער-בוים-צווייגען האבען בעדעקט די צוויי לאנגע ווענד. אויף דער פאדערשטער וואנד, אנטקעגען איבער דעם אריינגאנג, זענען אויסגעהאנגען געווארען אקערס, גראבליעס, בראניעס און פיאשען פערפוצט מיט בלומען-קרענץ. און ביידע זייטען פענסטער זענען געווען פערהאנגען מיט ביקסען, רעוואלווערען, שווערדען און קינזשאלען.

מ'האט זיך צוגעזעצט צום לאנגען טיש און, ווי געווענליך, האט מען אנגעהויבען מיט וויין און געזאנג. די אומעטיגע און געדריקטע שטימונג איז אינגאנצען פערשוואונדען. מיט יעדער כוסה און מיט יעדען שיר איז אונזער כמעט ווילדע התלהבות געווארען וואס אמאל פלאמעדיגער, ווי שטענדיג בעת אזעלכע ארבייטער-חגיגות. ס'האבען זיך אנגעהויבען די אראביש-חסידישע התלהבות'דיגע רקודים'לעך מיט דעם רוישענדען צופאטשען מיט די הענד.

פלוצלינג, אין מיטען הוליען, האט זיך פון דרויסען דערהערט א אויפגערעגטער, נערוועזער געשריי. די שמחה איז איבערגעריסען געווארען און ס'איז געווארען שטיל. אין צימער איז האסטיג אריין א פרעמדער יונגערמאן מיט א צוקאכטען און ברענענדיגען פנים, און מיט א איבערגעהאקטען אטעם האט ער אונז מיטגעטיילט וועגען דעם אנפאל, וואס איז נאר וואס פארגעקומען. אין צווייען, ער און זיין פריינד, זענען זיי אנגעקומען פון חיפה, א אראבער מיט א עזעל האט זיי בעגלייט און געפיהרט זייערע זאכען, צווישען וועלכע ס'איז אויך געווען א קאסטבארער פאטאגראפישער אפאראט. ארויסגעהענדיג פון כפר-קנה — א קריסטליך-אראביש דארף, אנ'ערך צוויי שעה פון סעדזשערא, זענען ארום זון-אונטערגאנג אויף זיי אנגעפאלען פון צווישען די פעלזען דריי אראבער. נאר ער אליין האט געהאט ביי זיך א שטיקעל געוועהר, א ברויניננג, און ער האט זיך אזוי לאנג געוועהרט, ביז אלע קוילען זענען איהם אויסגעגאנגען. ענדליך האבען די אראבער גאנץ גוט צושלאגען זייער ארבעישען בעגלייטער, צוגענומען זיין עזעל מיט זייער האב און גוטס. איינער פון די דריי אנפאלער האט געמוזט שטארק פערוואונדעט ווערען — ווייל די אנפאלער זענען אוועק האט ער געזעהען א לוזשע פון בלוט.

מיר האבען זיך גלייך געכאפט צום געוועהר און זיך ארויסגעלאזט זוכען. אבער אומזיסט. מיר האבען בלויז געפונען שפורען פון בלוט אויפן ארט פון אנפאל — א

לענגליכער רויטער ציבען האט זיך געצויגען אויפן וועג און האט זיך מיט אמאל איבערגעהאקט און פערשוואונדען.

אויפגערעגטע און בעאונרוהיגטע האבען מיר זיך אומגעקעהרט אהיים.

צומארגענס האבען מיר געהערט, אז קיין נצרת אין שפיטאל האט מען געבראכט פון כפר־קנה א שווער־פערוואונדעטען אראבער. מיט צוויי טעג שפעטער האבען מיר זיך דערוואוסט, אז דער אראבער איז געשטארבען פון זיינע וואונדען. ווען מ׳האט חעם אראבער געבראכט אין שפיטאל האבען זיינע פריינד געזאגט, אז ער האט זיך צופעליג אליין געשאסען, זעהענדיג אבער, אז ער האלט ביים שטארבען, האבען זיי דערצעהלט, אז סעדזשערער יודען האבען איהם דערשאסען. מיר האבען באלד דערפיהלט, אז ס׳וועט עפיס פארקומען.

ס׳איז געוועזען חול־המועד און מיר האבען ניט געארבייט. אין א הויז פון א קאלאניסט הינטער׳ן בארג, זענען מיר דאן געוועזען פערזאמעלט אויף דער קאנפערענץ פון די גליל׳ער פועלי־ציון. מיר האבען דאן בעהאנדעלט די אגראר־פראגע — אבער די געמיטער זענען געווען פערנומען גאר מיט עפעס אנדערש. איך האב דאן געפיהרט דעם פארזיץ; אבער איך האב מעהר געטראכט וועגען דעם ברויניגג, וואס כ׳האב די גאנצע צייט געטראגען מיט זיך, איידער זיך אינטערעסירט מיט די פערשיעדענע מיינונגען און מיט׳ן גאנג פון דער זיצונג.

אין מיטען דער זיצונג איז פון דער הויף געקומען א פאטרול אגזאגען, אז מ׳איז אנגעפאלען אויף די טשערעדע פון דער קאלאניע און אוועקגעטריבען פרדות און אקסען. די קאנפערענץ איז איבערגעריסען געווארען. די חברים, וואס זענען געקומען פון אנדערע קאלאניעס, האבען זיך גלייך אומגעקעהרט יעדער אין זיין היים, כדי צו זיין אויפן פלאץ אין אזא אונרוהיגער צייט. מיר, די סעדזשערער, האבען זיך צוזאמענגעקליבען אין כאן צו בעטראכטען די לאגע און אויסצוארבייטען די טאקטיק. מיר האבען בעשלאסען די ערשטע זיבען טעג ווי ווייט מעגליך אויסצומיידען צוזאמענשטויסען מיט די אראבער. לויט׳ן אראבישען מנהג פון „נאם“ (גאולת־דם) זענען די קרובים פון ערמארדעטען (די גואלי־הדם) די ערשטע זיבען טעג נאכ׳ן טויט בעזונדערס פערעכטיגט אויף אלערליי רויבערייען און אנפאלען אויפן צד פון מערדער. אויב מ׳שטעלט זיך דאן אקעגען מיט קראפט — מוז בלוט פערגאסען ווערען.

דעם צווייטען טאג, נאכ׳ן אנפאל אויף די טשערעדע, איז מען אנגעפאלען אויף די פעלדער נעבען סוק־אל־חאן, און געשניטען די גערשטען, וועלכע האבען שוין געהאלטען ביים רייף ווערען. אין דער קאלאניע גופא האט זיך דער שונא ניט געוויזען. ס׳האט זיך אבער געפיהלט א אונאויפהערליכע בעוועגונג פון פערדעכטיגע פערזאנען ארום דער פארם. אויף די ארומיגע בערג האבען פון בעגינען ביז׳ן זון־אונטערגאנג ארומגעוואנדערט בעוואפענטע רייטער און פוס־געהער. צוויי חברים, יעקב פלאטקין און נחום א., וועלכע זענען אוועק קיין טבריה ברענגען מצות, זענען נעבען לוביא בעפאלען געווארען פון א גרויסער באנדע אראבער און גוט צושלאגען געווארען. דאס פערדעכטיגע ארומוואנדערן אויף די בערג איז געווארען וואס אמאל אפטער און אינטענסיווער.

אין דער לופט איז געהאנגען עפיס פאטאלעס. קיינער האט דאס ניט ארויסגעזאגט — יעדער פון אונז האט דאס אפער געוואוסט ביי זיך און געלעזען אין די אויגען פון די חברים דעם געדאנק וועגען חעם אונפערמיידליכען נעשעהע־

ניש. איינער וועט סוף כל סוף מיט זיין לעבען בעצאהלען — איינער, אויף וועמען דער בלינדער גורל וועט פאלען... מיר זענען געווען ענטשלאסען און מיר האבען געווארט...

דעם לעצטען, דעם זיבעטען טאג פסח, איז דער גורל געפאלען, — און ניט אויף איינעם, נאר אויף צוויי....

אנגעהויבען האט עס זיך אין דער ערשטער יום־טוב־נאכט, און געענדיגט זיך מיט'ן זון־אונטערגאנג אחרון של פסח.

* * *

ס'איז געווען שוין א שעה צוויי נאכמיטאג. עטליכע ארבייטער זענען מיר געזעסען אין דער אפטייק ביי דער אפטייקערין, וואו מיר פלעגען פערברענגען די פרייע צייט. ס'איז אריין ישראל (קארנגאלד) אין פולער בעוואפנונג. אויפן אקסעל די ביקס, אין גארטעל די קוילען און אין דער זייט א ברוינינג. ער איז דאן געווען שומר אין דער פארם. אין געווענליכע צייטען פלעגט ער ארויסגיהן נאר ביי נאכט— אין די לעצטע טעג אבער האט ער שוין פון נאכמיטאג אן, באלד ווי ער איז פון שלאף אויפגעשטאנען, אנגעהויבען צו מאכען זיינע „דור"ען ארום דער פארם.

ער איז אריין און דערצעהלט. אז נאר וואס האט ער געטראפען צוויי אונבעקאנטע אראבער זיצען אויפן בערגעל ביים בית־עלמין. זיי האבען צו איהם עפיס גערעדט, נאר ער האט זיי ניט פערשטאנען: ער פערשטעהט ווייניג אראביש. איז ער געקומען נעמען מיט זיך איינעם, וואס רעדט גוט אראביש.

א., א סעדזשערער קאלאניסט, א ארטיגער געבוירענער, וואס קען גוט די אראבישע שפראך, איז מיט איהם מיטגעגאנגען. מיר זענען געזעסען און געווארט. אין א קנאפע האלבע שעה ארום האבען זיך דערהערט שיסערייען. מיר זענען ארויסגעלאפען — א. איז אנגעקומען מיט א פערכאפטען אטעם און מיט א קאלך־בלאסען פנים. „ישראל איז דערשאסען" — האט ער קוים ארויסגעשריגען.

א טרעוואגע־קלאנג פון חעם גרויסען פארם־גלאק האט צוזאמענגערופען אלע ארבייטער. גלייך געכאפט זיך צום געוועהר און אוועק. הינטער'ן בארג, ביי דער גרעניץ פון דער קאלאניע איז געלעגען ישראל — א גוסס. אויף זיין ברוסט איז געווען א קליינע בלוטיג־שווארצע עפנונג. די קויל האט איהם געטראפען ביים הארץ און דורכגעלעכערט דעם רוקען. ער איז געלעגען אהן דער ביקס, בלויז דער ברוינינג און די גארטעל זענען געבליבען אויף איהם...

מיר האבען צוויי חברים געלאזען ביים גוסס, און מיט קאכעדיגע הערצער האבען מיר זיך פונאנדערגעלאזען אין די בערג זוכען די מערדער. פיער זענען זיי געווען — אבער א סך מעהר זענען די בעהעלטענישען צווישען די פעלזען און היילען פון די גליל'ער בערג, און אומזיסט איז געווען אונזער זוכען. מיר האבען זיך אומגעקעהרט אליין, מיט א פלאמעדיגען צארן, ביטערער ענטטוישונג, פייניגענדיגען צער און אומעט.

דאס גרויזאמע און פאטאלע האט זיך אבער נאך ניט געענדיגט — א צווייטער קרבן איז געפאלען.

ס'האט שוין אנגעהויבען צו דונקלען. די גאנצע קאלאניע איז זיך צוזאמענגעקומען נעבען „חאן". די בלוטיגע כמארע האט אלע אויף איין ארט צוזאמענגעבראכט. מיר זענען געשטאנען אויפן נצרת'ער וועג און געקוקט אהין, אין די ריכטונג פון דעם ארט, פון וואנען דאס אומגליק איז געקומען — קיין כפר־קנה. מיט א

מאל האבען זיך בעוויזען דריי לויפענדע אראבער און צוויי חברים אונזערע יאגען זיך נאך זיי. די אראבער זענען געלאפען פון די טוראנ'ער בערג אין די ריכטונג צו דער אראבישער סעדזשערא. מיר האבען גלייך בעשלאסען ארויסצושיקען דריי פון אונזערע חברים זיי זאלען פאר זיי פערצוימען דעם וועג פון פארענט און זיי כאפען. מיר זענען ארויס אין דרייען — י. ש., א סעדזשערער קאלאניסט, שמעון מלמד און איך. מיר האבען גענומען אבשיעסען די לויפענדע אראבער, ניט כדי זיי צו הרג'ענען, נאר כדי זיי צו צווינגען זיך אבצושטעלען און דערמיט פערלייכטערן די צוויי חברים, וואס האבען זיי נאכגעיאגט, זיך צו דערנעהנטערן צו זיי.

די דריי אראבער האבען זיך געפונען צווישען צוויי פייערען. פון הינטען — אונזערע צוויי חברים, און פון פארענט זענען מיר אנגעקומען. פון דער אראבישער סעדזשערא האט מען דאס דערזעהען — און דאס גאנצע דארף האט זיך ארויסגעלאזען אקעגען אונז דריי. אונזערע חברים, וואס זענען געשטאנען ביים וועג, האבען דערזעהען די געפאהר און האבען אונז צוריקגערופען, אין דעם געפייפעריי פון די קוילען האבען מיר אבער זייער שטים ניט געהערט. די סעדזשערער אראבער זענען צוגעקומען וואס אמאל נעהנטער. די חברים האבען גענומען קלינגען מיט'ן גלאק כדי צוצוציהען אונזער אויפמערקזאמקייט — מיר האבען זיך אומגעקעהרט און דערהערט די רופען און די סיגנאלען פון אונזערע חברים און האבען אנגעהויבען צוריקצוגעהן. מיר זענען געגאנגען איינער הינטער דעם צווייטען — אבגערוקט צווישען זיך אין גאנצען 5—4 מעטער. מיר זענען שוין געוועזען זעהר נאהענט אנ'ערד פון 40 מעטער פון דעם וועג, וואו אלע אונזערע חברים זענען געשטאנען — ווי כ'האב פלוצלינג דערהערט שמעונ'ס קול: „אוי, מ'האט מיך דערשאסען!“ און ער איז אנידערגעפאלען. כ'בין צו איהם צוגעגאנגען — ער איז שוין געוועזען טויט. א אראבער וועלכער איז געוועזען בעהאלטען צווישען די קאטוסען, האט אויף איהם געשאסען און געטראפען גלייך אין הארץ.

* * *

אין דעם גרויסען צימער, וואו מיר האבען חעם סדר אבגעריכט, זענען זיי ביידע, אין ווייסע לייליכער איינגעהילט, א גאנצע נאכט געלעגען. צומארגענס, אסרו-חג, זענען מיר צו דער ארבייט ניט געגאנגען, — מיט אונזערע פיאשען האבען מיר געדארפט אויסגראבען א קבר פאר אונזערע חברים... שטיל האבען מיר זיי דאן אויף אונזערע אקסלען ארויסגעטראגען פון ארבייטס-צימער, געבראכט אויפן סעדזשערער בית-עלמין און שטיל, אהן הספדים, זיי צוזאמען אין קבר אריינגעלעגט...

ניו-יארק, ערב-פסח תרע"ו.



# אינהאַלט:

